# בּערל גרינבערג

# בּלוט און ווײַן

## דערציילונגען



פֿאַר י. י. סעגאַל — מיט פֿרײַנדלעכער באַ־
וואונדערונג און ליבער פֿרײַנטשאַפֿט.

בערל גרינבערג

בוענאָס־אײַרעס 1947

# בלוט און ווײַן

בערל גרינבערג

# בלוט און ווײַן

דערציילונגען



הילע געצייכנט פון
משה פייגנבלום

אַרויסגעגעבן פון דער
„געזעלשאַפט פאַר אידיש־וועלטלעכע שולן אין ארגענטינע"

בוענאָס איירעס 1944

# אינהאַלט:

זייט

א מתנה דער „געזעלשאפט פאר אידיש־וועלטלעכע שולן אין ארגענטינע" און אלע אידישע שול־טוער אויף ארגענטינעס ערד.

# בלוט און ווייַן

ביים מעבל־פאבריקאנט דאָן ענריקע קליינמאַן, אין זיין גרויסן, רחבותדיקן עס־צימער, הענגט א גרויסער בראָנדזענער הענג־לאָמפּ מיט פיר און צוואנציק קליינע, שניי־ווייסע, אַלבאסטערנע אבאזשורקעס; דער הענג־לאָמפּ זעט אויס פונווייטנס, ווי א ריזיקער בוקעט ווייסע רויזן וואָלטן אראָפּגעהאנגען פונעם סופיט; אין א אינמיטן דער וואָך, אז דאָן ענריקע קומט ביינאכט אהיים צו זיך אין שטוב אריין, נאָכן האָבן אָפּגעלעגן לאנגע שעהן ביי זיך אין דער ריזיקער פאבריק, גייט ער גלייך אריין אין עס־צימער און דרייט ארויס דאָס ליכט פונעם זשיראנדעל. ער צינדט אָן דאָס ליכט אין אלע פיר־און־צוואנציק אבאזשורקעס, און בלייבט שטיין א פארגאפטער און פארטרונקענער אינעם ליכט, שמייכלט ער צופרידן מיט זיך, מיט דער וועלט, און מיט זיין שיינער היים.

עס געדויערט א ווײַלע ביז אין שטוב דערוויסט מען זיך, אז דאָן ענריקע איז שוין אהיימגעקומען. צום ערשטן באמערקט דאָס ליכט אינעם עס־צימער די דינסט, און דערנאָך ערשט דאָניא סוסאנא און צום סוף דערפילט עס די שוויגער. דאָניא סוסאנא לאָזט זיך מיט פרייד לויפן צום עס־צימער און פאלט ארויף אויפן מאַן מיט גאנצע טענות: פארוואָס איז ער געקומען שפּעט, פארוואָס האָט ער נישט אָנגעקלונגען, און פאר־וואָס צינדט ער אָן דעם זשיראנדעל גלאט אזוי, אָן א פארוואָס?

דאָן ענריקע שמייכלט און גלעט זיין פרוי איבערן בלאָנדן קאָפּ געקרויזלטע האָר. ער וויל איר געבן א קוש, קומט אָן די שוויגער, דאָניא ראָסאַ, אן אלטע, דיקע פרוי מיט א סך גוידערלעך אונטער דער גאָמבע

און מיט א רויט־וויינפערל אויף דער שפּיץ נאָז. זי וואַקסט אויס אומעטום וואו מען דאַרף זי יאָ און וואו מען דאַרף זי נישט. זי אַליין אײַלט זיך שטענדיק און אײַלט אַלעמען מיט וועמען זי באַגעגנט זיך נאָר: זי אײַלט די טאָכטער, דעם איידעם, די דינסט און אַפילו איר אייניציק אייניקל. מיט א האַלבער שעה פריער האָט זי געאײַלט מען זאָל דעם קליינעם מאַריאָ שנעל אָפּבאָדן און שנעל לייגן שלאָפן און איצט האָט זי טענות צום איידעם:

— ווען דו וואָלסט אַהיימגעקומען אַביסל פריער, וואָלסטו געזען ווי אַזוי דײַן זון באָדט זיך... ס׳זאָל מיר זײַן פאַר זײַן הערצל! — פאַר־גלאָצט זי מיט די אויגן ווי בשעת א מענטש טוט תפילה.

— ווען מיר טאַקע אַרײַנגיין געבן א קוק ווי אַזוי ער שלאָפט. — וויל זיך דאָן ענריקע א לאָז טאָן צום קינדערס שלאָפצימער — איך האָב אים שוין נישט געזען פון נעכטן אינדערפרי.

— גאָט באַהיט! ס׳וואָלט דיר שוין מער קיין צרות נישט געפעלט! א קינד שלאָפט, וועט ער אים גיין איבערוועקן... נאָ סעניאָר!

— איך וועל נאָר געבן בלויז איין קוק — בעט זיך דאָן ענריקע.

— גוט — גיט אים די שוויגער א קניפּעלע אין דער האַנט — גיי שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, זאָלסט אים נישט אויפוועקן.

דאָן ענריקע לאָזט זיך צום קינדערס שלאָפצימער. אין א ווײַלע אַרום קומט ער צוריק א צעשמייכלטער. דאָניאַ סוסאַנאַ טוליעט זיך מיט איר שלאַנקן קערפּער צו איר מאַן און שמייכלט מיט אירע פּערלדיקע ציין:

— ס׳וואָלט דיר שוין קיין צרות נישט געפעלט, ווען דו זאָלסט אים האָבן אויפגעוועקט...

די דינסט מאַריאַ־לואיסאַ שאַרט זיך אַרײַן אין מיטן:

— זאָל איך שוין גרייטן צום עסן?

— יאָ. — פאַרלעשט די שוויגער דאָס ליכט אינעם עס־צימער און צוגייענדיק צו דער ברוינהויטיקער מאַריאַ־לואיסאַ, גיט זי איר א קניפּעקל אין אַקסל:

— וואָס לויפסטו אַרום ווי א פאַלק סאָלדאַטן? קענסט דאָך גיין שטילער. וועסט אויפוועקן ס׳קינד...

די דינסט מאריא־לואיסא שמייכלט מיט אירע ברוינע, גוטע אויגן און לאכט. זי איז שוין צוגעוואוינט צו די קניפּעלעך פון דאָניא ראָסא און ווייסט שוין, אז די אלטע קנייפּט נאָר די מענטשן וועמען זי האָט ליב, לאָזט זי זיך לויפן מיט אירע גומענע לעטשלעך צו דער קיך.

— עסן, עסן, ס׳עסן וואַרט. שנעלער, קינדער! — טרייבט זי דעם איידעם און די טאָכטער און קנייפּט זיי מיט ווייכע, גוטע פינגער — שנעלער, קינדערלעך.

דאָן ענריקע פאַרלייגט זיין האנט אויף דעם ווייבס אקסל, גיט ער זי א טוליע צו זיך און לאָזט זיך גיין צו דער קיך. הינטער זיי גייט נאָך זיין שוויגער און בעט זיך:

— האָט רחמנות, קינדער. קלאַפּט נישט אזוי שטארק, צ׳וועט מיר אויפוועקן ס׳קינד. — פאַרמאַכט זי נישט דאָס מויל אויף א רגע.

ביז אלע דריי קומען אריין אין דער גרויסער, ווייסער קיך, איז שוין דער טיש געגרייט. דער גרויסער עלעקטרישער אייז־קאַסטן שטייט א צעעפנטער און פונעם אייז־קאַסטן שמעקן ארויס פרוכטן און פארשידענע קאָנסערוון. אינמיטן וואָך, אויב ס׳זיינען נישט פאראן קיין ספּעציעלע געסט, עסט די גאנצע משפחה אין קיך; דאָן ענריקע זעצט זיך אוועק ביים טיש און די שוויגער הויבט אָן קאָמאַנדעווען מיט דער דינסט, מיט מאריא־לואיסא:

— דו, משוגענער קאָפּ, כאַפּ נאָר א בליק צו די אייער, ס׳זאָל נישט פאַרברענט ווערן.

אינמיטן עסן הויבט אָן קלינגען דער טעלעפאָן. מאריא־לואיסא לויפט א פלינקע צום אפאַראַט וואָס שטייט אין פּאָיע. דאָניא ראָסא מורמלט בייז, אז זי וועט אויפוועקן מיט איר לויפן ס׳קינד. מאריא־לואיסא קומט צוריק און מעלדעט, אז ס׳וועלן קומען געסט צו דאָניא ראָסא און צו דאָניא סוסאַנא. די אלטע הויבט זיך אָן גוידערן און שאָקלט בייז מיטן קאָפּ:

— געסט צו מיינע צרות. אויסגעקליבן א צייט...

די טאָכטער צעלאכט זיך מיט א ביסן אין מויל:

— קומען נישט קיין געסט, ביסטו בייז. קומט מען יאָ — ביסטו אויך בייז, איך פארשטיי דיך נישט, מאמא...

— פארמאַך ס'פּיסקעלע, טאָכטער מײַנע. ס'אַרט דיך אַז ס'קינד שלאָפט? כ'האָב דאָך צו דיר נישט גערעדט... עס בעסער, טרינק, דארפסט זויגן א קינד... — גיט זי איר א קניפּעלע אין אקסל.

— די מאמא איז גערעכט — לאַכט דאָן ענריקע — עס און טרינק, ווייל דו דארפסט זויגן א פּיצעלע קינד.

די שוויגער גיט אויף אים א בייזן קוק און זאָגט:

— לאַכסט? לאַכסט פון מיר? איך מאַך מיר פון דיר און פון מיין טאָכטער — א צימעס מיט א קאָמפּאָט!...

דאָניא סוסאַנא הויבט אָן ווינקען צום מאַן ער זאָל אָפּשווייגן דער מוטער, אָבער דאָן ענריקע קען זיך נישט איינהאַלטן און זאָגט:

— ווער עס לאַכט פון אייך, מאמא, זאָל אים ארויסוואַקסן א געלעכ־טער אויף דער נאָז...

— אָמן! — זאָגט די שוויגער מיטן גאנצן הארצן און שניידט זיך אָפּ מיט רוגזא א שטיקל ברויט.

נאָכן עסן הויבט זיך אָן דאָן ענריקע צו דליבען די ציין מיט א ציינשטעכער און דאָניא ראָסא, די שוויגער, כאַפּט זיך פארן קאָפּ. אלע מאָל, איידער עס קומען געסט, באַפאַלט איר א קאָפּ־ווייטיק, דאָס גלעקל פון דער גאַס־טיר צעקלינגט זיך און דאָניא סוסאַנא לויפט עפענען. באלד צעטראָגט זיך פון פאָיע א געקושעריי און א זיפּצעריי. די געקומענע געסט ווייסן שוין, אז דאָניא ראָסאַן טוט וויי דער קאָפּ און מען באדויערט זי מיט רחמנות. די טאָכטער פירט אריין די געסט, עטלעכע דיקע, באַיאָרטע ווייבער, צו דער מוטער אין צימער. באלד דערהערט זיך א פריש קושעריי און זיפּצעריי און עס געדויערט נישט לאנג דערציילט שוין א ווייבעריש, קוויטשיק קול, א מעשה מיט א סאַנאַטאָריע, מיט דאָקטוירים, מיט פּראָ־פעסאָרן און מיט רעצעפּטן.

דאָן ענריקע בלייבט אליין, א פארגעסענער פון אלע. א ווײַלע זיצט ער נאָך ביים טיש, נאָר באלד הויבט ער זיך אויף פונעם אָרט און שאַרט זיך אריין אַן אומבאַמערקטער פון קיינעם, צו זיך אין ביבליאָטעק־צימער.

ער מאכט ליכטיק און שטעלט זיך אוועק ביים פענצטער און קוקט אראָפּ אויף דער גאס.

אינדרויסן איז שפּעטער הארבסט. דער הימל איז אויסגעשטערנט און א גאָר גרויסער שטערן ווינקט צו דאָן ענריקען ווי א לעבעדיק מענטש־לעך אויג. פון די שכנהשע הייזער מיניען זיך ליכטער אויסגעמישט מיט קולות און געלעכטערס. ערגעץ־וואו, גאָר נאָענט, שפּילט א ראדיאָ. ערגעץ אין א גרויסן טעאַטער סטרויעט מען די פידלען, אָט, נאָך א ווײַלע, וועט מען פון גאָר ווייט הערן א קאָנצערט אָדער אן אָפּערע.

א זאטער און מידער אומעט צעגייט זיך איבער דאָן ענריקעס וועזן. ערשט נעכטן איז ער דאָך מיט זיין ווייב געוועזן אין טעאַטער קאָלאָן. נעכטן האָט מען געשפּילט די אָפּערע „אאידאַ"; אייערנעכטן זיינען זיי געוועזן אין א קינאָ, וואו זיי האָבן געזען ווי דער ראטנפארבאנד שלאָגט זיך מיט איבערמענטשלעכן העראָיזם, מיטן גרעסטן שונא פון דער מענטשהייט — מיט די נאצים; אָבער עס האָט דאָך נישט קיין זין אלע נעכט פון דער וואָך צו גיין אין טעאַטערס און אין קינאָס. זיין ווייב, סוסאנא, כאָטש זי פארמאָגט, וואָס אן אמת איז, א סך מער בילדונג פאר אים, פאר ענריקען, ווייל זי האָט געענדיקט א הויכשול, איז פאָרט א פרוי און א מאמע; זי פארשטייט א סך זאכן אנדעריש ווי ער, איר מאן, און א סך זאכן פארשטייט זי אינגאנצן נישט, אָדער וויל זיי נישט פארשטיין. זי האָט זייער אָפּט ליב זיך צו לייגן פרי שלאָפן, אָדער גאָר בלייבן מיט דער מוטער און מיט זייערע באקאנטע ווייבער און שמועסן וועגן פּשוטע זאכן: וועגן מאָדעס און קליידער, וועגן קראנקייטן, וועגן קינדער און וועגן גוטע מאכלים.

אין אזעלכע מינוטן, ווען זיין פרוי בלייבט מיט איר מוטער און מיט איר ווייבערשער געזעלשאפט, ווייסט נישט דאָן ענריקע וואָס מיט זיך צו טאָן. א שווערקייט וואָס נעמט זיך פון צופיל זאטקייט הויבט אים אָן צו נאָגן: ער איז צופיל זאט פון די געשמאקע עסנס, וואָס זיין פרוי און זיין שוויגער קעכלען אים; ער איז זאט פון גוטע געשעפטן, וואָס ער האָט פריער, פאר דער מלחמה געמאכט, און איצט, אין דער מלחמה־צייט, מאכט ער נאָך בעסערע. די געלט־קאָנטעס אין די בענק זיינען גאנץ

היפּשע און דער קרעדיט אין וועלכן ער נויטיקט זיך אפילו נישט, איז ממש אן אומבאגרענעצטער; דאָס ווייב איז שיין און געזונט און דאָס קינד איז א שטילס און א גוטס, ווי א גוט שטיקעלע ברויט... א גוט מלאכל... נאָר אים, ענריקען, פּייניקט אָפּטמאָל אין אזעלכע מינוטן אזא לאנגוויי־ליקייט, אז א סך מאָל, ווען ער שעמט זיך נישט, פאר זיך אליין, וואָלט ער זיך צעוויינט.

דאָן ענריקע גייט אוועק פונעם פענצטער און גייט צו צו זיין ביכער־שאפע. ער לויפט מיט די בליקן איבער די שיין־איינגעבונדענע ביכער; ער לייענט איבער אויף די רוקנס די טיטלען מיט גאָלדיק־געליישטע אותיות, זוכט ער א בוך, וואָס זאָל זיין צוגעפּאסט צו זיין שטימונג און געמיט. ער מאכט אָבער נישט אויף די שאפע און נעמט אפילו נישט קיין איין בוך אין דער האנט אריין. אלע ביכער ווייזן זיך אים איצט אויס נישט אינטערעסאנט און שווער. ער גייט ווידער אמאָל צו צום פענצטער און קוקט אראָפּ אויף דער גאס. א ווינטל וויגט די צווייגן פון די ביימער און רייסט אָפּ די לעצטע און איינצלגעבליבענע פארדארטע בלעטלעך, וואָס זיינען פארבליבן ערגעץ אויף א שפּיץ צווייגל; א פּאָרל, א חתן מיט א כלה, שפּאצירן אינעם ווינט אויפן אַנטקעגנדיקן טראָטואר, גלעטן זיך די הענט, קוקן זיך אין די אויגן אריין און סודען זיך.

דאָן ענריקע קוקט צום פּאָרל מיט נייגעריקייט און דערמאָנט זיך, אז בסך־הכל מיט א דריי יאָר צוריק, האָט ער אזוי שפּאצירט מיט זיין כלה פארן הויז פון איר מוטער. דוכט זיך אינגאנצן דריי יאָר און דאָך ווייזט אים אויס, אז דאָס איז שוין א גאנצע אייביקייט. אָט א נאריש פּאָרל: קיינער איז נישט פאראן אויף דער גאס און זיי האָבן מורא זיך ארומצו־נעמען און אריינכאפּן א הייסן קוש...

דאָן ענריקע זעצט זיך אוועק ביים שרייבטיש און פארויכערט א פּאפּיראָס. ער הויבט פון זיך אָן בלאָזן קנוילן מיט רויך און עס־הויבן אין אים אָן אויפגיין זכרונות פון זיינע פופצן יאָר זיין אין ארגענטינע. ער דערמאָנט זיך אין די פארויכערטע קאפע־הייזער, וואו ער פלעגט אָפּזיצן גאנצע טעג און נעכט, שמועסן וועגן פּאָליטיק, שפּילן אין ביליארד אָדער דאָמינאָ, אָדער גלאט אזוי זיצן און לייענען א צייטונג; א סך יאָרן האָט

ער אזוי פארלוירן, אזוי זינלאָז געפּטרט צווישן די פאַרשטיקטע, אָנגערוי־כערטע ריחות פון די קאַפע־הייזער. א שאָד, באמת, געפּטרט אזויפיל שיינע יאָרן, א שאָד...

דער גאַנצער שרייבטיש איז שוין פאַרהילט מיט רויך. אינעם רויך פונעם פּאַפּיראָס שווימען ארום ווי לעבעדיקע א סך פריילעכע און טרויע־ריקע געשעענישן פון דאָן ענריקעס לעבן; א סך פון זיינע חברים און באַקאַנטע גייען אויף אינעם פאַרוויכערטן נעפל און ער זעט בולט זייערע פנימער: עטלעכע פון זיי זיינען רייך געוואָרן, טאַקע נישט אזוי רייך ווי ער, דאָן ענריקע, נאָר ווער ווייסט צי עמיצער פון זיי וועט אים נישט איבעריאָגן... איבער א צענדליק פון די איבעריקע חברים, דווקא די וואָס האָבן אויסגעזען צו זיין די קליגסטע און שענסטע זיינען פרי געשטאָרבן אין פאַרשידענע שטאָטישע שפּיטעלער און צוויי זיינען באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד: הלל וועקסלמאַן האָט זיך געשאָסן און שמואל קאַפּלאַן האָט זיך געסמט; די איבעריקע האַלטן זיך קוים ביים לעבן און זיי זעען שוין אויס ווי גרויע צעבראָכענע זקנים... און דער לעצטער און עלצטער פון אלע חברים און באַקאַנטע איז משה לוסטראַדאָר, דער אַלטער בחור מיט די אייביק־אויסגעשמירטע, פאַרברענטע פינגער פון אַלקאָהאָל און פּאָלי־טור־פאַרב; ער, משה, איז אַלעמאָל, אפילו איצט, אין דער מינוט, אינעם „באַר־לעאָן", רויכערט נערוועאיש איין פּאַפּיראָס נאָכן אנדערן און לייענט אויס די גאַנצע צייטונג, פון דער ערשטער ביז דער לעצטער זייט. און משה דער לוסטראַדאָר, א ברייטפּלייציקער, מיט א גערדיכטן קאָפּ געקריי־זלטע, צעשויבערטע, גרויע האָר, קוקט מיט בייז־אויסזעענדיקע אויגן אויף דער גאַנצער וועלט. ער רייבט זיך אלע ווײַלע זיין קאַנטיק־גראָבע נאָז און וויגט זיך איבערן טישל. ער איז פאַרטאָן אין זיך, באַמערקט קיינמאָל נישט, וואָס עס טוט זיך ארום אים. אלע, די, וואָס קענען משהן ווייסן, אז משה איז „גוט, ווי א גוט שטיק ברויט", אז „פאַר משהס א גראָשן, קען מען נישט שטאַרבן"; און משה ווייסט מסתמא נישט, וואָס מענטשן טראַכטן וועגן אים. עס פּאַסירט אמאָל, אז משה ווערט צעשרויפט און דערשיטערט פון עפּעס, וואָס ער לייענט ארויס פון זיין צייטונג, גיט ער זיך א וויש איבער דער נאָז און גיט א פּאַטש מיטן גאַנצן כוח איבערן בלאַט און גיט א רעווע: „אז פאַרברענט און פאַרשרפהט זאָל עס ווערן!"

ווּעמען משה דער לוסטראדאָר שעלט, ווייסט נישט קיינער, און קיינעם אינטערעסירט אויך נישט צו וויסן. דאָן ענריקע קליינמאן ווייסט יאָ, ווּעמען משה שעלט. ער ווייסט עס נאָך פון דער צייט, ווען ער, ענריקע, האָט זיך גערופן הערשל און געוואוינט צוזאמען מיט משהן אין איין בשותּפותדיקן צימערל. גאנץ אָפט האָט ער, ענריקע־הערשל, געבאָרגט ביי משהן א פּעזע און אמאָל האָט ער משהן געבאָרגט. ביידע חברים האָבן זיך פארהאלטן גאנץ גוט, אָבער דאָך האָבן זיי זיך אָפּטמאָל געקריגט. שולדיק אין די אַלע קריגערייען איז דווקא געווען משה און נישט ער, הערשל, דער היינטיקער דאָן ענריקע; וואָס אמת איז, איז פאָרט אמת: משה איז פון אייביק אָן געווען א שטיקל „נאציאָנאַליסטישער רעאקציאָנער" און הערשל איז געווען אן אמתער „רעוואָלוציאָנער"... מילא, קיינער איז דאָך נישט שולדיק, וואָס דאָס לעבן האָט געמאכט הערשלען פאר א גרויסן פאבריקאנט און פאר א גרויסן גביר, און משה, דער נאציאָנאַליסט איז געבליבן אן ארבעטער, ווען אפילו אן ערלעכער ארבעטער... מילא...

דאָן ענריקע גיט זיך א דריי אין דער גרויסער, מיט לעדער באצויגענער פאָטעל־שטול און ווארפט אריין דאָס שטיקל פונעם איבערגעבליבענעם רויכערנדיקן פּאַפּיראָס אינעם מאַרמאָרנעם אַש־בעכער, וואָס שטייט אויפן שרייב־טיש. אויפן ראנד פון אַש־בעכער זיצט א בראָנדזן געטשקעלע, אזא נאקעט און גראָב־בייכיק מענטשעלע, זיצט עס מיט פארלייגטע פיסלעך הינטער זיך אויפן אָריענטאַלישן שטייגער, און מיט די ענטלעך האלט עס ארומגענומען ס'נאקעטע, גראָב און פעט בייכל מיט א שפּאָרן אָנזעעוודיקן נאָפּל־לאָך; דאָס איז, אָדער דארף זיין, דאָס אָפּבילד פונעם הייליקן גאוטאמא בודא, וואָס זיצט פארדבקהט מיט א נאריש־זינלאָזן שמייכל אויף די גראָבע ליפּעלעך. דאָן ענריקע כאפּט א קוק אויפן געטשקעלע און צעגענעצט זיך. ער ווייסט באמת נישט, וואָס ער זאָל איצט טאָן. אויף דער גאס שפּילט זיך דאָס הארבסטיקע ווינטל מיט די עטלעכע אָפּגעריסענע בלעטלעך, פארקערט זיי פון איין אָרט אויפן צווייטן.

דער שאָרך פונעם ווינטל מאכט נאָך מער אומעטיקער דאָן ענריקעס געמיט. ער גיט זיך א הויב־אויף און גייט ווידער אמאָל צו צום פענצטער און קוקט אריבער צום שכנישן הויז, וואָס זעט אויס ווי א קליינשטעטלדיק

קירכעלע. דאָס הויז פון אנטקעגן איז פארזונקען אין טונקלקייט פון דער נאכט. דאָס פּאָרל וואָס האָט פריער ארומגעשפאצירט אויפן טראָטואר איז שוין נעלם געוואָרן. מיטאמאָל צעעפענען זיך לאנגזאם די הילצערנע טויערלעך פונעם שכנס גאראזשל. א בלוי רעפלעקטאָר־ליכט גיט א בלענד אויף די שייבלעך פון דאָן ענריקעס שרייב־צימער. עס דערהערט זיך א שטיל זשומען פון אן אויטאָ־מאָטאָר. באלד וועט דער שכן ערגעץ־וואו אוועקפאָרן.

דעם שכנס אויטאָ גליטשט זיך שטיל אראָפּ פונעם טראָטואר, פאר־קערעוועט זיך לאנגזאם לענגאויס מיט דער גאס, גליטשט זיך די מאשין שטיל און לאנגזאם, דערפאָרט אזוי ביז צום ראָג־גאס, און גיט זיך א ריס פונעם אָרט און צעלאָזט זיך מיט א שניידנדיקן זשום.

דאָן ענריקע גיט זיך א האסטיקן ריס־אָפּ פונעם פענצטער. ער פאר־לעשט דאָס ליכט אינעם צימער, גיט ער זיך א באטאפּ צי ער האָט ביי זיך דאָס געלט־פּאָרטפעלכל און די שליסלען פונעם אויטאָמאָביל. ער איילט פארביי די פּאָיע און אין געציילטע מינוטן ארום זיצט ער שוין אין זיין ברוין גלאנציקן אויטאָמאָביל. מאריא־לואיסא, די דינסט, דערהערט די ערשטע דאָס רוישן פונעם אויטאָ און זי לויפט אויפמאכן דאָס טויערל פונעם גאראזש. ביז זי קומט אָן, איז שוין דאָן ענריקע מיט זיין אויטאָ אויף דער גאס.

— מאריא־לואיסא — גיט דאָן ענריקע א רוף און א לייכטן טרובע מיט דער אויטאָ־סירענע — וועסט זאָגן דער פאטראָנא, אז זי זאָל אויף מיר נישט ווארטן, איך וועל קומען שפּעט.

— סי סעניאָר — שאָקלט מאריא־לואיסא געטריי מיטן קאָפּ — דער סעניאָר האָט גאָרנישט פארגעסן, דעם מאנטל?

— ניין — ענטפערט דאָן ענריקע — איך האָב אלץ מיט זיך. יאָ, וועסט אריינגיין אין דער ביבליאָטעק און זען צי איך האָב פארלאָשן דעם פּאפּיראָס.

— סי סעניאָר, — ענטפערט די דינסט.

דאָן ענריקע גיט א קוועטש דעם פּעדאל מיטן פוס און די מאשין רייסט זיך אוועק פונעם אָרט. ביים ראָג גאס גיט דער אויטאָ זיך א ווינ

און פארקערעוועט זיך מיט א ברייטער גאס. דאָן ענריקע גיט א קוועטש א קנעפּעלע נאָענט ביים באַלויכטענעם זייגער אין דער מאשין. דער ראדיאָ הויבט אָן פונקציאָנירן. א מענטש מיט א באהארצטער שטים גיט איבער קריגס־ידיעות: אין סטאלינגראד ווערן פארניכטעט די לעצטע רעשטלעך פונעם מארשאל פאָן פאולוסעס ארמייען; די ענגלענדער האָבן באָמבארדירט ראָסטאָק, און די פאראורזאכטע שריפות זיינען מערקבאר אויף א דיסטאַנץ פון הונדערט און פופציק קילאָמעטער.

— אומקומען זאָלן זיי, ס'זאָל פון זיי קיין שריד ופליט נישט בלייבן! — זאָגט צו זיך דאָן ענריקע און טרייבט נאָך שנעלער די מאשין.

דער אויטאָ צעיאָגט זיך ווי א פייל. דאָן ענריקע דערנענטערט זיך וואָס אמאָל נענטער און נענטער צום צענטער שטאָט. די גאסן ווערן וואָס אמאָל ליכטיקער און באלעבטער. עס ווייזט זיך אים אויס, אז ער פאָרט אריין פון דער נאכט צוריק צום טאָג. די עלעקטרישע שילדן פון די גרויסע געשעפטן פלייצן און טריפן מיט ליכט פון פארשידענע פארבן. אויטאָס טרובען און טראמווייען קלינגען. צייטונגס־פארקויפער רופן אויס די נעמען פון די אָוונט־צייטונגען מיט די העכסטע קולות; פאר די טירן פון די קאפעען שטייען יונגעלייט און עסן אויף מיט זייערע בליקן די פארביישפּאצירנדע פרויען. ביי די לאָטעריע־געשעפטן, וואָס זיינען אָפן דורך די נעכט, שטייען מענטשן און קוקן אויף די צעטעלעך און חלומען מיט אָפענע אויגן וועגן פעק מיט באנקנאָטן, זעקעלעך מיט גאָלד און בריליאנטן.

דאָן ענריקע שטעלט אָפּ זיין אויטאָ נישט ווייט פונעם גרויסן קאפעהויז, וואו עס זיצט שטענדיק זיין חבר משה דער לוסטראדאָר. ער שטייגט אויס און פארקלאפּט דאָס טירל. ער דערגייט ביז צו די גרויסע שויפענצטער, קוקט ער אריין אינעם לאָקאל און זוכט מיט זיינע בליקן זיין חבר, משה, משה דער לוסטראדאָר.

און משה דער לוסטראדאָר זיצט טאקע, ווי אלעמאָל אין דער צייט, ביי א טישל נעבן פענצטער, פארטאָן אין א צייטונג. דאָס אויסגעליידיקטע קאווע־טעפּעלע איז איבערפולט מיט אש פון אויסגעברענטע פאפּיראָסן, און ער הערט נישט דאָס קלאפּן פון די דארע־ביינדלעך און ער הערט נישט די בייז־נערוועאישע קולות פון די דאָמינאָ־שפּילער; ער פילט אפילו

נישט דעם שלעכטן ריח פון דער פארשטיקטער לופט מיט וועלכער עס איז פול דער גרויסער לאָקאַל. ביי משהן אין קאָפּ פּלאָנטערן זיך און מישן זיך די געשעענישן פארן לעצטן טאָג, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דער גאנצער וועלט: מיליאָנען מענטשן קומען אום, ווערן אויסגעראָטן. עס זיינען שוין באלד נישט איבערגעבליבן קיין אידן אין די ערטער וואו די נאצים זיינען די באלעבאטים... און דאָ ווערן מענטשן צעזעצט פרעסנדיק, מענטשן ווערן צעפּלאצט שפּילנדיק, מענטשן ווערן צעפאלן טאַנצנדיק, און ער אליין זיצט ווי א פארשאָלטענער אין דער דאָזיקער פארעיפּושטער און צעליארעמטער טורמע־קאפּע און קען גאָרנישט טאָן, נישט פאר יענעם און נישט פאר זיך. ברענען זאָל עס!

אז דאָן ענריקע זעצט זיך אוועק נעבן משהם טישל, פילט משה נישט, אז עמיצער האָט זיך נעבן אים אנטקעגן אוועקגעזעצט. דער רייכער חבר זיצט א ווייל׳ע א ברודערלעך צעשמייכלטער און קוקט מיט פריינטלעכע אויגן אויף זיין פארתמטן, אָרעמען חבר. משה, איז אים, דאָן ענריקען, אין דער מינוט שטארק ענלעך צום בראָנזענעם בודא, וואָס זיצט אויף זיין מארמאָרנעם אש־בעכער; דער אונטערשייד איז נאָר אינעם דאָזיקן, וואָס בודא איז פארדבקהט אין הימליש־געטלעכער מנוחה און משה נעמט זיך שטאַרק צום הארצן פון יעדער זאך און שטארבט־מיט מיט יעדן פאר־פייניקטן אידן וואָס געפינט זיך אין מערדערישע הענט...

דאָן ענריקע ווארט אָפּ א ווייל׳ע מיט שמייכלדיקן שפּאָט אויפן פּנים. עס איז אים אינטערעסאנט צו זען, ווי לאנג וועט ער אזוי זיצן אנטקעגן זיין צעטראָגענעם פריינט? אָבער עס גייען אוועק עטלעכע מינוט און משה באמערקט אים נישט, גיט שוין דאָן ענריקע א רוק ארויף דאָס טישל אויף משהן און משה גיט אויף אים א שטעל־אויס א פּאָר פייכטע, טרויעריקע אויגן, פארתמטע און צעטראָגענע:

— זיצסט שוין פון לאנג? — פרעגט משה אן איבערגעראשטער.

— נישט לאנג, ברודערקע. — שמייכלט מיט אביסל ביטערקייט דער רייכער חבר — ביסט שוין בלינד געוואָרן אויף דער עלטער, דער־זעסט נישט קיין מענטשן?!

— איך האָב דיך באמת נישט באמערקט — שטעקט משה צוריק אריין דעם קאָפּ אין דער צייטונג.

— און דו זיצסט שטענדיק אין קאפע, שטינקסט דאָ אָפּ דיין גאנץ לעבן!

משהס פּנים ווערט פארפינצטערט:

— און אז איך וועל זיצן אין מיין פינצטער צימערל, וועט שוין זיין בעסער?

— מען גייט ערגעץ, מען קומט צווישן מענטשן, מען קומט אין געזעלשאפט...

— צווישן וועלכע מענטשן זאָל איך קומען? און אין וועלכער געזעלשאפט ווארט מען דאָס אויף מיר? — פרעגט משה נאיוו.

דאָן ענריקע ווערט מבולבל פונעם חברס ענטפער און ער הויבט אָן צו פּאטשן מיט די הענט:

— מאָסאָ, מאָסאָ!

דער קעלנער קומט צו צום טישל. דאָן ענריקע באשטעלט א קאווע און משה זיצט שוין ווידער פארטיפט איבער דער צייטונג.

— וועסט שוין שפּעטער לייענען — לייגט דאָן ענריקע ארויף א האנט אויף דער צייטונג — איך בין געקומען ספּעציעל צו דיר, זיך זען מיט אן אלטן חבר, און דו? — זיצט אַן אָנגעבלאָזענער און לאָזט נישט צו דיר א וואָרט אויסריידן...

משה נעמט אָן חשק אראָפּ די צייטונג פונעם טישל, פארלייגט די זייטלעך און פארקנייטשט זיי, שטופּט ער דאָס אריין צו זיך אין קעשענע פונעם מאנטל און ענטפערט:

— איך בין אויף קיינעם נישט אָנגעבלאָזן. איך האָב נאָר פיינט אז מען רעדט נארישקייטן... יעדער מענטש איז אזוי ווי ער איז און בשום אופן נישט אנדערש...

דאָן ענריקע וויל עפּעס ענטפערן, נאָר עס קומט אָן דער קעלנער מיט דער באשטעלטער קאווע. משה רעדט דערווייל ווייטער:

— מען זאָגט, אז דו ביזט געוואָרן א מיליאָנער, אז צייט די מלחמה

האָט אויסגעבראָכן ביסטו נאָך רייכער געוואָרן... נו, וועל איך דיר געבן עפּעס אן עצה וואָס דו האָסט צו טאָן מיט דיין געלט, האַ?

דאָן ענריקע זוכט די הייסע שווארצע קאווע און טראכט זיך, אז משה איז מסתמא דער איינציקער מענטש, וואָס דערוועגט זיך צו אים צו ריידן אין אזא חוצפּהדיקן טאָן. ער דרייט אוים זייטיק דעם קאָפּ, קוקט זיך פאַרזיכטיק ארום, צי עס זיצן נישט צופעליק קיין באקאנטע מענטשן, וואָס וואָלטן געקאָנט זיך אונטערהערן אלץ, וואָס משה רעדט צו אים. ניין, קיין באקאנטע זיינען, צום גליק נישט פאראן. מילא, משה איז דאָך א מענטש, וואָס ער האָט גערן, אן אלטער חבר, און אז ער פאַר־בענקט זיך נאָך אים איינמאָל אָדער צוויי מאָל אין א גאנץ יאָר, מאכט נישט אוים וואָס ער בייזערט זיך... פון משהן איז זיך נישטאָ וואָס צו באליידיקן...

ביידע חברים שווייגן שוין. דער טומל אינעם קאפע־הויז איז היינט שטאַרקער ווי אן אנדערש מאָל. די לופט איז געדיכט, אז מען קען דאָס שניידן מיט א מעסער; די דאָמינאָ שפּילער קלאפּן מיט די ביינדלעך אין די טישן, אז ס'איז שווער צו וויסן, וואָס זיי ווילן צעברעכן: די ביינדלעך אָדער די טישן?

די לאנגוויילִיקייט וואָס האָט די גאנצע צייט געפּייניקט דאָן ענריקען, הויבט אָן אויסרינען און ער איז צופרידן. איצט, אין דער מינוט, איז ער עפּעס צוריק אינגער געוואָרן, אפשר מיט גאנצע צען יאָר אינגער, און ער זאָגט:

— איך בין געקומען מיטן אויטאָ. קום, לאָמיר אריינגיין אין א שיינעם טעאטער אָדער קינאָ. כ'האלט דיך פאר אן אלטן און גוטן הבר און איך וויל טאקע דיך ארויסרייסן פון דער שטיקעניש אויף א פּאָר שעה. דאָס קאפע־הויז וועט דיר נישט אנטלויפן... קום, לאָמיר גיין.

משה קוקט מיט אומדאנקבארע אויגן אויפן חבר און דרייט מיטן קאָפּ אויף אלע זייטן:

— אויף דער וועלט גיסט זיך אזוי פיל בלוט און איך וועל מיך גיין פארווײַלן?... ס'איז מיר שוין גוט אָן די טעאטערס און אָן די קינאָס!...

דאָן ענריקע ווערט רויט, פאַרשעמט. ער שווייגט א ווײַלע און ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן, נאָר באַלד גיט ער א זאָג מיט האַרץ:

— אָבער מיר זיינען דאָך נישט שולדיק, וואָס ס׳גיסט זיך בלוט... מיר קענען זיך דאָך נישט באַגראָבן לעבעדיקערהייט און מיטשטאַרבן מיט די געשטאָרבענע... מיר ווילן דאָך לעבן, מיר מוזן דאָך עסן... נו, דו האָסט שוין היינט געגעסן וועטשערע?

— ניין. — זאָגט משה — איך בין גאָרנישט הונגעריק. נאָר אזוי פיל וויפל ס׳האָט היינט געגעסן א איד אין דעם וואַרשעווער געטאָ, האָב איך נאָך מסתמא געגעסן...

— זיי נישט משוגע! — ווערט שוין דאָן ענריקע צעהיצט — קום מיט מיר, וועלן מיר אַריינגיין אין א פיינעם רעסטאָראַן, וועלן מיר אָפּעסן א גוטע וועטשערע, וועלן מיר האָבן כוח איבערצולעבן אַלע שונאים פון דער מענטשהייט און פון אונדזער אידיש פאָלק אויך! מיינסט טאַקע, אז פון דעם וואָס דו וועסט זיך נעמען צום האַרצן, וועט שוין קומען די ישועה?

— ניין — זאָגט שוין משה א געריירטער פונעם חברס גוטסקייט — די ישועה וועט טאַקע פון מיין האַרץ־ווייטיק נישט קומען, אָבער א האַרץ קען מען נישט איבערמאַכן...

— רעדסט ווי א קינד, — שטעלט זיך אויף דאָן ענריקע און לייגט אוועק עטלעכע מטבעהס נעבן זיין קאַווע־טעפּעלע — קום, וועלן מיר אָפּעסן א יום־טובדיקע וועטשערע. איך וועל דיך אוועקפירן אין א רעס־טאָראַן, וואו דו וועסט פאַרגעסן אין אַלע צרות... וועסט זען, אז, דאָס לעבן אויף דער וועלט גייט נאָך נישט אונטער...

משה דער לוסטראַדאָר, משה מיט די פאַרשמירטע און פאַרברענטע פינגער פונעם פּאַליטור, וואַקלט זיך און פוילט זיך אויפצוהויבן פונעם אָרט. דאָן ענריקע גיט אים א שלעפּ ביים אַרבל, און משה א ווייך־געוואָ־רענער, הויבט אָן צו פינטלען מיט גוט־געוואָרענע אויגן:

— אז איך בין באמת נישט הונגעריק... עס טוט מיר שוין באַנג, וואָס איך האָב דיר דערציילט, אז איך האָב נאָך נישט געגעסן קיין וועטשערע. צו וואָס גלאַט אויסגעבן געלט? — וויל ער זיך צוריק אוועקזעצן.

— זיי נישט קיין שוטה — לאָזט אים נישט דאָן ענריקע אז ער זאָל זיך צוריק אוועקזעצן — טו מיר צוליב... מיר זיינען דאָך עפּעס אלטע חברים... — בעט ער זיך.

משה לאָזט זיך איבעררייידן. ביידע חברים גייען ארויס אויף דער גאס און דאָן ענריקע שליסט אויף דאָס טירל פון זיין אויטאָ, ווארט ער ווי א לאָקיי, מיט דרך־ארץ, אז זיין גאסט זאָל דער ערשטער איינשטייגן. משה זעצט זיך אריין אינעם אויטאָ מיט א פארשעמט פּנים; אים ווייזט זיך אויס, אז די גאנצע גאס קוקט, ווי ער, משה דער לוסטראַדאָר, קריכט אריין אינעם אויטאָ פונעם רייכן דאָן ענריקע קליינמאן. עס ווייזט זיך אים אויס, אז די גאנצע גאס סודעט זיך און מענטשן טייטלען מיט די פינגער און זאָגן: „זעט נאָר, ווי משה דער לוסטראַדאָר איז דאָס א גאנצער שמעלקע מיטן גרויסן פאבריקאנט דאָן ענריקע קליינמאן!” משה באהאלט דעם קאָפּ צווישן די אקסלען און דאָן ענריקע פּאָרעט זיך דערווייל קאלט־בלוטיק און געלאסןביים רודער פון דער מאשין. ער פּרובירט צי ער האָט גוט פארמאכט דאָס טירל און לאָזט דעם מאָטאָר אין גאנג. די מאשין גיט א זשומע און א ציטער, גיט זי זיך א רוק־אוועק פונעם טראָטואר און צעיאָגט זיך מיט א שנעלן געלויף.

דאָן ענריקע פאָרט פאַרזיכטיק און זיכער אריין אין די גאסן, וואָס ביינאכט זשומען זיי און קאָכן נאָך מער ווי בייטאָג. דאָס רייכע און אויסגעלאסענע נאכט־לעבן, ווייעט אנטקעגן דעם אויטאָ. דאָן ענריקע כאַפּט פון צייט־צו־צייט א שנעלן קוק צו זיין חבר, וועמענס געשטאלט שפּיגלט זיך אָפּ אין דער קרישטאלענער שויב, פרעגט ער אים:

— נו, משה, ארבעט איז פאראן?

— יאָ, — גיט משה א זיפץ — וואָס קומט ארויס, אז ס'איז פאראן ארבעט, אז דיינע פאבריקאנטלעך האָבן מורא, אז זייערע ארבעטער זאָלן נישט, חס־וחלילה, רייך ווערן...

— כל־זמן ס'וועלן זיין באלעבאטים און ארבעטער, וועט אזוי מוזן זיין — ענטפערט דער רייכער חבר.

— מעג טאקע אזא וועלט ברענען ווי א ליכט! — זאָגט משה מיט גאל.

— ברענט זי טאקע, די וועלט. אָבער וואָס האָסטו פונעם ברענען?

— איך האָב טאקע גאָרנישט פון דעם — זאָגט משה א מעלאַנ־כאָלישער.

— צו אמעריקע דארף מען זיך אויסטויגן — לאכט דער רייכער חבר מיט א דראָבנע געלעכטערל.

— אויסטויגן? — גיט זיך משה א הויב אויף פונעם זיץ־פלאַץ — מ׳דארף קענען ארויסרייסן פון זיך ס׳ביסל מענטשלעכקייט פונעם הארצן, ווערן א כיטראַק, א פיאווקע...

— אוודאי! — גיט דאָן ענריקע א פאטש משהן אין דער קני — אז מען וויל מאכן אמעריקע, מוז מען פארגעסן אין אלע שיינע ריידעלעך און פראזעלעך, פארגעסן אין אלע נארישע און פוסטע זאכן...

משה גיט א בייזן קוק אויפן חבר און גיט א פארקריץ מיט די ציין. אויף זיין פנים צעגיסט זיך א מינע פון עקל. דאָן ענריקע דערפילט, אז משהן עקלען אָפּ זיינע ווערטער און ער גיט א שטיל הוסטל. ביידע חברים שווייגן. דער מאָטאָר רוישט אריין אין ביידנס מחשבות און באמיט זיך צו פארזשומען זייערע געדאנקען. באלד גיט זיך דער אויטאָ א שאר צום עק פון א לאנגער רייע אויטאָמאָבילן, וואָס שטייען אויסגעשטעלט איינער הינטערן אנדערן לענגאויס פונעם טראָטואר. דאָן ענריקע און משה דער לוסטראדאָר שטייגן אויס פונעם אויטאָ. דאָן ענריקע נעמט אָן דעם חבר ביים אָרעם און פירט אים צו צו דער טיר פון א גרויסן אריסטאָ־קראטישן רעסטאָראן.

— אז דו וועסט אָפּעסן א גוטע וועטשערע, וועט דיר די וועלט און דאָס גאנצע לעבן אויסזען גאָר אנדערש! — גיט ער אים א צי צו זיך און טראכט בשעת־מעשה, אז די ווערטער, וואָס ער האָט פריער געזאָגט צו משהן האָט ער אים נישט געדארפט זאָגן:

— מעגלעך... — שאָקלט משה קאלט און טרויעריק מיטן קאָפּ.

דאָן ענריקע פירט אריין זיין חבר אינעם גרויסן רעסטאָראן. זיי דרייען זיך אריין דורך דער קארוסעלמעסיקער דריי־טיר מיט די קרישטאָ־לענע פענצטערלעך און שפיגעלעך; זיי בלייבן שטיין א ווײלע אויף דער שוועל פונעם גרויסן רעסטאָראן־לאָקאל, פארגאָסענע מיט ליכט און

מחיהדיקער ווארעמקייט. צענדליקער טישן בלאנקען מיט שניי־ווייסע טישטעכער און אויף יעדן טיש שטייען בוקעטן מיט לעבעדיקע רויטע רויזן; שלאנקע קעלנער אָנגעטאָן אין ווייסע אָנצוגן, איילן מיט פלינקייט צווישן די טישן און שמייכלען מיט דינסטגרייטקייט און אונטערטעניקייט; ביי די טישן זיצן חשובע געסט, רייכגעקליידעטע מענער און פרויען. עסן זיי און טרינקען מיט־יום־טובדיקער מנוחהדיקייט, קלינגען מיט לעפל און גאָפּלען, טרינקען וויין פון קרישטאָל־געשליפענע גלעזער, לאכן, שמייכלען; מענער און פרויען, קוקן זיך אָן מיט טיפע בליקן און די קעלנער שמייכלען מיט און נויגן זיך, צופרידענע פון די געסט. וואָס זיי באַדינען, קאָרקעווען זיי אויף פלעשער מיט ווייגען, פון אלע מינים און קאָלירן: רויטער וויין ווי בלוט, געלבלעך־גאָלדענער ווי צעלאָזן גאָלד און ברוינלעכער, ווי צעשמעלצטער קופער — שפילט ארויס פון די אָנגעגאָסענע גלעזער און פארשמעקט די לופט מיט פארשיכורנדיקע ריחות, מישן זיך אוים מיט די מאכלים, וואָס שטייען אָנגעשטעלט אויפן ריזיקן מארמאָרנעם בופעט, וואָס ציט זיך לענגאוים פון דער טיר ביז צו דער וואנט, איבער דער גאנצער לענג פונעם ריזיקן לאָקאל; דער בופעט, א באשלאָגענער מיט זילבערנע רייפן, איז באלייגט און אָנגעשטעלט מיט כלערליי געקעכצן און מאכלים: אויף אן אָוואלער קופערנער פאן ליגן צוויי אָפּגעבראָטענע אינדיקעס, דערנעבן אויף א ניקעלנעם בעקן אונטערגעבעט מיט גרינע סאלאט־בלעטער, ליגט אן אָפּגעבראָטן חזירל, אויף א פאָרצעלייענעם ריזיקן טעלער ליגט א ים־פאָליפ, אזא ראָזעווער שפין מיט א סך פים און הונדערטער זויג־פיסקלעך אויף יעדן פיסל; אין קרישטאָלענעם קאסטן, באלויכטן מיט רויטע און גרינינקע לעמפעלעך, שפרינגען ארום ברוין־גרינלעכע פרעש, וואָס טרעטן זיך איינס ס׳אנדערע און אין א פולמיסיקל ליגן אָנגעלייגט ראָזעווע ראקעס און ברוינלעכע אָסטערן, און דערנעבן, אין א גרויסער, גלעזערנער קויל, שווימען ארום לעבעדיקע, גאָלדענע פישעלעך. עס שטייען גרויסע סלאָיעס מיט ריזיקע איילבירטן, שווארצע און גרינע און סלאָיעס מיט פיטשינקע אוגערקעלעך און טערקישע פעפערס, באָדן זיך אין עסיק; און פון אלץ גייען אויף ריחות: זיסלעכע, זויערע, געזאלצענע, אָבער אלע אפעטיטלעכע. הינטערן בופעט שטייען אָנגעשטעלט אויף ריזיקע פּאָלי־

צעס, פון דער ערד ביזן סופיט, פלעשער מיט טייערע משקאות: וויינען, ליקאָרן, שאמפאן, בראָנפנס און וויסקי.

אז דאָן ענריקע גייט פארביי צוזאמען מיט זיין חבר משה לענגאוים דעם לאנגן בופעט, גיט ער אפילו נישט קיין קוק אויף די אלע זאכן, ווייל אלץ, וואָס איז פאראן אין די רייכע רעסטאָראנען, האָט ער שוין געזען און פארזוכט. משה דער לוסטראדאָר קוקט יאָ און קרימט זיך: פאראן אויף דעם בופעט זאכן, וואָס ער וואָלט נישט געגעסן, אפילו, ווען מען וואָלט אים צוגעצאָלט א זשמעניע מיט גאָלד... באמת, נאָר אָנגעפרעסענע גבירים, וואָס זיינען שוין משוגע פון וואוילטיק און איבערגעפרעסנקייט, קאָן געפעלן אזעלכע זאכן!...

דער רייכער חבר איז גאָרנישט חושד, וואָס זיין אָרעמער חבר טראכט. ער איז פול מיטן פארלאנג צו מאכן פילן זיין אָרעמען חבר מיטן גן־עדנדיקן טעם פון אלע רייכע מאכלים און משקאות. ער וואָלט אים וועלן ארויסרייסן כאָטש אויף א פאָר שעה, פון דער טרויעריק קבצנישער וועלט און אים מכבד זיין מיט א טראָפּעלע פון זיין, ענריקעס, רייך זאָרג־לאָזער וועלט.

— זעץ זיך דאָ אוועק — ווייזט ער אים אָן אויפן טיש, וואָס ער האָט אויסגעקליבן אינמיטן גרויסן זאל — מאך זיך באקוועם ווי ביי דיר אין שטוב.

— מילא, זאָל שוין זיין אזוי, האָסט מיך פארשלעפּט — זאָגט משה אָן איבערגעראשטער, א פארלוירענער אין דעם גרויסן זאל, און זעצט זיך אוועק, ווי מיט מורא, אויף א שפּיץ בענקל, אין אן אומבאקוועמער און נישט ניחאדיקער פּאָזע.

— זעץ זיך אוועק מיטן גאנצן הינטן — לאכט דאָן ענריקע — נאָר פריער לאָמיר זיך אויסטאָן די מאנטלען — ציט ער פון זיך אראָפּ דעם מאנטל און לייגט אים אוועק אויף איינעם פון די ליידיקע בענקלעך, וואָס שטייען נעבן טיש.

משה שטעלט זיך צוריק אויף און הויבט אָן אויסטאָן זיין שוין גוט־אָפּגענוצטן מאנטל; עס לויפט אָן א קעלנער און העלפט משהן ארויסציען די האנט פונעם מאנטל. משה פארוויטלט זיך און דאנקט דעם קעלנער.

דאָן ענריקע גיט זיך א בריוּוחדיקן זעץ אראָפּ אין דער שטול אריין, אזש דער פּאָל גיט א ציטער, זאָגט ער צו משהן, לערנענדיק אים:

— דאָ דארפסטו קיינעם נישט דאנקען, א קעלנער דאנקט מען נישט; פאר אלץ וואָס מען גיט דאָ און מען באדינט דאָ, נעמט מען דערפאר גוט באצאָלט... מיט זאלץ און מיט פעפער נעמט מען דאָ! אוי, פארדינט ער געלט דער באלעבאָס פון דעם רעסטאָראן, אוי מאכט ער די פאָר גראָשן...

— ער פארדינט מער פאר דיר? — פרעגט משה איראָניש און קוקט אויפן בוקעט רויזן, וואָס שטייען אויפן טיש:

— א מכה! — צעשמייכלט זיך דאָן ענריקע מיט זעלבסטזיכערקייט און גדלות.

דער קעלנער, וואָס ווארט די גאנצע צייט א געדולדיקער און אונטער־טעניקער, דערוועגט זיך צו פרעגן:

— וואָס ווילן די הערן באשטעלן?

דאָן ענריקע נעמט נישט געאיילט די שפּייז־קארטע פונעם טיש, קוקט אריין מיט ביטול און קנייטשט זיך:

— זאָל זיין מאזשאָנעסע מיט אינדיק פאר אונדז ביידן.

— איך וואָלט וועלן פאר מיר אביסל זופּ — רופט זיך אָפּ משה צו זיין רייכן חבר, — איך בין געוואוינט צום ערשטן צו עסן אביסל זופּ.

—ווער מיר זופּ און וואָס מיר זופּ!—פארקרימט זיך דאָן ענריקע— מיר קריכן שוין די זופּן פון האלדז! וועסט שוין מאָרגן עסן זופּ, ברודערקע, פארלאָז זיך נאָר אויף מיר.

— זאָל איך באשטעלן די מאזשאָנעסעס? — פרעגט איבער דער קעלנער.

— יאָ, ברענגט דאָס, וואָס איך האָב געהייסן.

— סי סעניאָר! — פארנייגט זיך דער קלענער און לאָזט זיך גיין צום בופעט.

— טששסט! — רופט אים דאָן ענריקע צוריק און גיט א קנאק מיט די פינגער — קומט נאָר אהער!

דער קעלנער גייט צוריק צו צו דאָן ענריקען און קוקט אים מיט דינסטגרייטקייט אין די אויגן אריין.

— ברענגט א פלעשל רויטן „טשאנטא־קואטראָ", אכצענער, און א סיפאָן, פארשטאנען?!

— סי סעניאָר — פארנייגט זיך נאָכאמאָל דער קעלנער — אין איין רגע וועט אלץ זיין.

דער קעלנער איילט שנעל אוועק צום בופעט. ווי ער וואָלט מורא געהאט, אז דער קליענט זאָל אים נאָך אמאָל נישט צוריקרופן פון מיטן וועג. דאָן ענריקע קוקט מיט שקאָצישע בליקן צו משהן און גיט א דעק־אָפּ א וויים טישטעכל, וואָס פארדעקט א געפלאָכטן ברויט־קאָרבעלע מיט פרישע קליינע ברויטלעך. נעמט א ברויטעלע, שניידט עס איבער אויף צווייען און לאָזט זיי ליגן איבערגעשניטענע נעבן זיך. משה גיט א נעם א צווייט ברויטעלע, שניידט דאָס איבער אויף צווייען און בייסט אָפּ א גרוים שטיקל ברויט. הויבט ער אָן צו קייען מיט אפעטיט.

— עס זיך נישט אָן מיטן ברויט. ווייל ס'וועט דיר פארשלאָגן דעם אפעטיט צו אנדערע זאכן — ראַט אים דאָן ענריקע.

— כ'בין הונגעריק און ס'געדויערט זייער לאנג ביז מען ברענגט עפּעס.

— האָב אביסעלע געדולד. וועסט שוין פונדאנען נישט ארויסגיין קיין הונגעריקער. — פארזיכערט אים דאָן ענריקע.

משה ענטפערט נישט. ער קוקט זיך ערשט רעכט ארום אין דעם גרויסן רחבותדיקן זאל און עס ווערט אים פרייליכער אויפן הארצן און אלץ ארום אים ווערט אים היימישער. עס הויבט אין אים אָן אויסרינען דער אייביקער דלות, די אייביקע וואָכעדיקע נויט, אין אים. משהן, הויבט זיך אָן אויסדוכטן, אז ער זיצט נישט אין דעם רייכן רעסטאָראן צום ערשטן מאָל אין זיין אָרעם לעבן, נאָר ווי ער וואָלט שוין דאָ, אין דעם אָרט, א סך א סאך אומצייליקע מאָל געזעסן... אויף זיין פּנים צעשפּילט זיך א רויטלעכע פארב, וואָס ברענט אויף ווען מען ווערט פריילעך, און משה טראכט שוין, אין זיך, אז א מענטש קען טאקע נישט וויסן, וואָס מאָרגן וועט מיט אים פּאסירן און אפילו ער, דער אייביקער הילפלאָזער שלימזל, קען נאָך פון צייט צו צייט געפינען א טראָפּעלע פרייד.

דער קעלנער קומט אָן מיט א גרויסער זילבערנער טאץ, וואָס ער

שטעלט פּאַרזיכטיק אוועק אויפֿן עק פֿונעם טיש. די טאַץ איז באַשטעלט מיט אַן אָוואַלן טעלער מיט „מאַזשאָנעסע" און אַ סך ליידיקע טעלער. אויך דאָס פֿלעשל ווײַן און דער סיפֿאָן. דער קעלנער לייגט צום ערשטן אַראָפּ אין צוויי טעלער צו ביסלעך מאַזשאָנעסע און שטעלט אוועק, פֿאַר משהן און דאָן ענריקען צוויי גלייכע פּאָרציעס און דאָס איבעריקע לאָזט ער שטיין אין מיטן טיש נעבן בוקעט רויזן. באַלד נעמט ער זיך מיט באַזונדער אויפֿמערקזאַמקייט צום פֿלעשל ווײַן. ער וויקלט עס אַרום מיט אַ ווײַסער סערוועטקע, ווישט אָפּ פּאָרזיכטיק דאָס העלדזל און דאָס קעפּל, שלעפּט ער אַרויס דעם קאָרק, פֿאַרשטעקט צוריק אַביסעלע דאָס פֿלעשל און שטעלט עס אוועק נעבן דאָן ענריקען.

דאָן ענריקע וויקלט זיך אַרום מיט אַ סערוועטקע בײַם האַלדז, נעמט ער לאַנגזאַם אַ בלאַנקנדיקן גאָפּל אין האַנט אַרײַן, נעמט אָן אַ קליין ביסעלע מאַזשאָנעסע און הויבט לאַנגזאַם אָן צו קײַען.

— נו, וואָס וואַרטסטו? — פֿרעגט ער משהן — געגעסן זאָל ווערן!

משה, וואָס האָט שוין פֿאַר דער צײַט אויפֿגעגעסן גאַנצע צוויי ברויטלעך, רײַסט שוין אָפּ אַ שטיקל פֿון נאָך אַ ברויטעלע. ער לייגט זיך אוועק אַ סערוועטקע אויף דער קני און שטעכט אָן אויפֿן גאָפּל אַ שוואַרצן איילבירט, כאַפּט ער דאָס אַרײַן אין מויל אַרײַן.

— נו, ווי געפֿעלט דיר? — גיט דאָן ענריקע אַ פֿרעג מיט די אויגן.

— זייער געשמאַק — באַלעקט זיך משה.

— דערלאַנג־זשע דײַן גלאָז, וועל איך דיר אָנגיסן אַביסל ווײַן, וועסטו ערשט דערפֿילן דעם ריכטיקן טעם!

משה שטרעקט אויס זײַן גלאָז צום פֿלעשל און דאָן ענריקע גיסט אים אָן אַ האַלב גלאָז ווײַן און דערנאָך גיסט ער אויך אַרײַן אַביסל צו זיך אין גלאָז.

— טרינק, וועסט זיך מחיה זײַן — זאָגט דאָן ענריקע — סאַלוט! גיט ער דער ערשטער אַ קליינעם פּאַוואָלינקן זופּ פֿונעם גלאָז — אַ מחיה־דיק ביסעלע ווײַן...

— סאלוט! — ענטפערט משה און טראָגט צו זיין גלאָז צום פּיסקל פונעם סיפאָן, וועלנדיק צוגיסן אביסל סאָדע־וואסער צום וויין.

— ניין, נאָ סעניאָר! — גיט אים דאָן ענריקע א פלינקן לייג־ארויף די האנט אויפן גלאָז — טרינק דעם וויין אָן וואסער.

— איך האָב ליב מיט וואסער — רייסט משה אוועק זיין גלאָז מיטן וויין פון אונטער ענריקעס האנט, שפּריצט ער אריין אין זיין גלאָז א שפּאָר ביסל סאָדע־וואסער, און גיט א שטארקן זופּ.

א וואלקנדל פון פאררדרוס פארציט זיך בליצשנעל איבער דאָן ענריקעס דיקלעך, גלאַט ראזירט פּנים. דער פארדרוס שפּארט זיך אריין אין זיינע שווארץ־אפּלען, און שלעכטע, אומהיימלעכע, בייזע מענטשלעך הויבן אָן פון זיי ארויסצוקוקן.

— אז איך האָב דיר געזאָגט זאָלסט נישט אריינגיסן קיין וואסער אינעם וויין, האָסטו מיך באדארפט פאָלגן!... — טייטלט ער אים מיט פאריבל מיטן גאָפּל אין די אויגן אריין.

— מילא, ס'איז נישט קיין אומגליק — מאכט זיך משה נישט זעענדיק זיין חברס אומפארשטענדלעכע אויפרעגונג — יעדער מענטש האָט זיך זיין געשמאק סיי אינעם עסן, סיי אינעם טרינקען און סיי אין אנדערע זאכן...

דער רייכער חבר, דאָן ענריקע, באקומט פון משהס ענטפער א געלב־לעכע כמארע אין פּנים; עס איז שוין גאָרנישט דער זעלביקער ענריקע פון פריער מיט א מינוט און אוודאי נישט דער אמאָליקער הערשל פון מיט יאָרן צוריק. ס'איז א חוצפּהדיקער מכנים־אורח, וואָס זיצט מיט אן אָרעמען אורח ביי זיין רייכן טיש און בייזערט זיך:

— איך האָב ספּעציעל באשטעלט א פלאש אמתן „טשאנטא־קואט־ראָ" וואָס איז שוין אכצן יאָר אלט, כדי זאָלסט כאָטש איינמאָל אין דיין לעבן פארזוכן דעם טעם פון אמתן גוטן וויין, גיסטו אריין וואסער?!

— איך לעב און עס, אָט, ווי איך פארשטיי — פארענטפערט זיך משה דער לוסטראדאָר מיט נאיווער תמעוואטעקייט און עס ווערט אים שוין שווער צו דערשלינגען דעם ביסן, וואָס ער האלט אין מויל.

— אַט דאָס ביסעלע ווײַן — קלינגט דאָן ענריקע מיטן מעסער אינעם פּלעשל אַרײַן — קאָסט צוועלף פּעזעס, איך האָב עס באַשטעלט זאָלסט דערפילן די שײנקײט פון אַביסעלע גוטן ווײַן און דו האָסט אַרײַנגעגאָסן וואַסער...

— בײַ מיר איז אַביסל ראָזשינקע ווײַן, וואָס איך האָב אַמאָל פּסח געטרונקען בײַ מײַן אָרימען טאַטן אָדער בײַ מײַן אָרימען זײדן, געשמאַקער פון אַלע רײַכע ווײַנען אויף דער גאַנצער וועלט — לײגט משה אוועק דעם גאָפּל.

— דאָס, וואָס דו האָסט געטרונקען פּסח בײַ דײַן טאַטן אָדער זײדן, גײט מיך נישט אָן! אין אַזאַ גוטן ווײַן גיסט מען נישט אַרײַן קײן וואַסער. אויב דו האָסט געוואָלט אַרײַנגיסן וואַסער, האָב איך דאָך געקאָנט באַשטעלן אַ פלאַש ווײַן, וואָס קאָסט פופציק סענט... — הויבט דאָן ענריקע אָן צו קײַען שנעל.

— מילא, בײַ מיר זײַנען אַזעלכע זאַכן נישט קײן מציאות — זאָגט שוין משה, טראַציק און קרימט זיך מיט זײַן גראָב־פלײשיקער נאָז — אַ היץ אין באָד: כ׳האָב אַרײַנגעגאָסן אַביסל וואַסער אינעם ווײַן...

—האָסט אַרײַנגעגאָסן? — הויבט זיך דאָן ענריקע פון דער שטול— ס׳איז נאָך ערגער ווי אַרײַנגעגאָסן... ס׳איז ווי זאָל איך זאָגן: איך בין דיך מכבד מיט טײַערן אַלטן ווײַן, נעמסטו און פּישסט אַרײַן אינעם גלאָז...

— וואָס? וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? — קאַרטשעט זיך משה אײן אַ שרעקלעך באַלײדיקטער — איך האָב נישט גוט געהערט...

— האָסט שוין גוט געהערט! — שפּיזלט אים דאָן ענריקע אין די אויגן אַרײַן מיט זײַנע בליקן — האָסט שוין גוט געהערט!

— ווער דאַרף דיך מיט דײַן ווײַן? — גיט זיך משה אַ האַסטיקן שטעל־אויף, אַז דער טיש גיט זיך אַזש אַ רוק אַרויף צו דאָן ענריקע — ווער דאַרף דיך און דײַן ווײַן... וועסט מכבד זײַן מיט ווײַן דײַנע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשניטן די פינגער בײַ דיר אין דײַן פאַבריק, בײַ די זעג־מאַשינען און האָבן פון דיר קײן צעבראָכענעם סענט אַנטשעדיקונג נישט געקראָגן. מײנסט איך ווײס שוין גאָרנישט?...

— שווײַג שוין! שווײַג! — באַפעלט דאָן ענריקע.

— גיי, ווער פארברענט מיט דיין וויין! ס'איז דען וויין? בלוט איז דאָס, בלוט!

און משה גיט א כאפ זיין גלאָז מיטן ביסל פארבליבענעם וויין, גיט עס א כליאפּע אוים אויפן ווייסן טישטעך נעבן דאָן ענריקע. דורכן גאנצן רעסטאָראן־לאָקאל גייט דורך א׳ זשומענדיקער ציטער און עס ווערט טויט־שטיל, אלעמענס אויגן קוקן צו משהן און צו דאָן ענריקען, אלעמענס אויגן קוקן אויפן רויטן פלעק וואָס אויפן ווייסן טישטעך און קיינער ווייסט נישט וואָס ס'האָט דאָ פאסירט און וואָס איז דאָ פארגאָסן געוואָרן — בלוט אָדער וויין?...

# טרערן פון א גאָלדענעם זייגער

פון ווייטע ווייטן איז אָנגעקומען א יונגע אויסגעמאַטערטע מויד. זי איז געווען שרעקלעך אויסגעדארט און האָט געהאט אן איינגעפאלענעם בוזים. פון אירע אויגן האָט ארויסגעקוקט א הונגעריקער אומעט. זי האָט געהאט לאנגע בלאָנדע האָר און צוויי גרויסע אויסגעהאָרעוועטע הענט. זי האָט זיך גערופן מאריאנא. זי האָט געהאט א סך מזל. אין דעם זעלבן טאָג, וואָס זי איז אָנגעקומען אין לאנד, האָט זי גלייך געקראָגן א שטעלע פאר א דינסט אין הויז פונעם פאבריקאנט דאָן סאלאָמאָן מעלניק.

דאָן סאלאָמאָנס ווייב, דאָניא ראָסא, האָט מאריאנאן גלייך געוויזן וואָס זי האָט צו טאָן: זי האָט איר ארומגעפירט איבער אלע צימערן. זי האָט איר געוויזן דאָס מעבל, די שאפעס, די בעטן, דעם קלאוויר, די פליושענע דיוואנעס. דערנאָך האָט זי איר געוויזן די קיך, דאָס געפעס, די טעפּ, און צום סוף האָט זי איר געוויזן דעם קלאָזעט. מאראנא איז איר אונטערטעניק נאָכגעגאנגען מיט שטילע טריט. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, זי האָט געפינקלט מיט הונגעריקע דערשראָקענע אויגן, און זי האָט מסכים געווען אלץ צו פאָלגן, אלץ צו טאָן, און נישט זיין פויל.

אפן צווייטן טאָג האָט זיך שוין מאריאנא גענומען צו דער ארבעט. זי האָט אָנגעהויבן פונעם קלאָזעט: זי האָט גערייניקט, געווישט, שפּעטער א ביסל, ווען די באלעבאטים זיינען שוין אויפגעשטאנען, האָט זי פארבעט די בעטן. אין מיטן דער ארבעט האָט זי זיך עפּעס דערשראָקן: אונטערן קישן איז געלעגן א גרויסער גאָלדענער זייגער מיט א גראָבער גאָל־

דענער קייט. מאריאנא האָט אָנגעהויבן צו ציטערן. זי האָט מורא געהאט אָנצורירן דעם גאָלדענעם זייגער. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אזא שיינע זאך און דאָס הארץ האָט איר אָנגעהויבן צו קלאפּן. זי האָט גלייך פארשטאנען, אז אָט דער זייגער דארף ווערט זיין א סך געלט, אזוי פיל געלט, וואָס ווען זי וואָלט דאָס פארמאָגט דאָרטן, וואָלט זי זיך געקענט קויפן א קו מיט א פערד און אן אקער מיט א גרויס שטיק ערד. זי וואָלט געקראָגן א גוטן מאן, זי וואָלט חתונה געהאט און זי וואָלט נישט באַדארפט זיין עפּעס א דינסט...

מאריאנא האָט דעם זייגער נישט אָנגערירט. זי איז בלויז אוועק צו דער באלעבאָסטע און געזאָגט, אז זי קען נישט פארבעטן דאָס בעט, ווייל דאָרטן ליגט א גאָלדענער זייגער. דאָניא ראָסא האָט א גוידער געטאָן מיטן פּנים. זי האָט געטראכט, אז די דינסט ווייזט אויס צו זיין אן ערלעכע. פאר איר ווערט זי אפשר נישט דארפן קיין מורא האָבן, אז זי זאָל עפּעס ארויסגנבענען פון שטוב, זי האָט זיך צעזיפצט און געזאָגט:

— דער סעניאָר האָט שוין ווידער פארגעסן דעם זייגער. ער וועט שוין היינט זיין בייז... שטענדיק ווען ער פארגעסט מיטצונעמען דעם זייגער איז ער זייער בייז... לייג אים אוועק אפן קליינעם נאכט־טישעלע און פארבעט דאָס בעט.

מאריאנא האָט געפאָלגט. זי האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געהאלטן אזא טייערע זאך אין אירע הענט. זי האָט דערפילט ווי דאָס גאָלד וואָלט איר די האנט אָפּגעבריט. דער גאָלד־גלאנץ האָט איר פארבלענדעט די אויגן און א גאנצן טאָג האָט זי שוין געטראכט וועגן זייגער, וועגן געלט און וועגן דעם וויפל מאָנאטן זי וועט דארפן ארבעטן אויף אָפּצושפּאָרן אזוי פיל געלט וויפל דער זייגער קאָסט...

אז דאָן סאלאָמאָן איז דעם טאָג ארייננעקומען צו זיך אין פאבריק, איז שוין די ארבעט געווען אין פולן גאנג. די מאָטאָר־מאשינען האָבן זיך געיאָגט. מענטשן, עטלעכע צענדליק מענטשן, זיינען געווען פארטאָן אין זייער ארבעט: די צושניידערס האָבן געשניטן די לעדערס, מאשינעס האָבן גענייט, קלעפּערס האָבן געקלעפּט און די שארפערס האָבן געשארפט.

דער אויפזעער פון פאבריק, סעניאָר בלום, האָט דער ערשטער דער־פילט, אז דער באַלעבאָס איז געקומען. ער האָט דאָס דערפילט ווי א טויב, וואָס דערפילט דעם אָנקום פון א שטורעם. ער האָט פונדערווייטנס א שמייכל געטאָן, געזאָגט „גוט מאָרגן" און איינגעבויגן א ביסל דעם קאָפּ. דאָן סאלאָמאָן, דער באַלעבאָס, איז זיין שוואָגער. ער האָט מיט פינף יאָר צוריק חתונה געהאט מיט זיין שוועסטער רעבעקא. ער האָט זיין ווייב נישט שטארק ליב. ער האָט איר אפשר פיינט. אָבער זיין שוואָ־גער, דאָן סאלאָמאָן, האָט ער באמת ליב. ער האָט פאר אים א סך דרך ארץ און ער קוקט אים מיט אונטערטעניקייט אין די אויגן אריין.

דאָן סאלאָמאָן האָט זיין שוואָגער צוריקגעגריסט מיט א לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ. ער איז א ווייַלע שטיין געבליבן אין מיטן פון דער פאבריק. זיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן פליך פונעם עלצטן צו־שניידער, אלעכאנדראָ. ער האָט געזען ווי דער אלטער איטאליענער, וואָס איז שטארק ענלעך מיט זיין בלאס־געל פנים צו א פּראָפעסאָר, שארפט שוין באלד גאנצע צוויי מינוט זיין מעסער. ער פּרואווט אויס צי ס'איז שוין שארף, גיט א שניט אין דער לעדער, זעט ער, אז דאָס מעסער איז נאָך טעמפּ, נעמט ער דאָס ווייטער שארפן, רייבט דאָס אי־נעם שארפשטיינדל, און דאָן סאלאָמאָן פילט ווי דער אלטער וואָלט אים געשארפט דעם מארך פון קאָפּ; דאָן סאלאָמאָן ווערט נערוועז. זיין פנים ווערט רויטלעך, אָט ווי ער וואָלט זיך נאָר וואָס אָפּגעראזירט און ארויפ־געלייגט אויפן פנים א הייסן האנטוך. ער גיט א שנעלן גיי צו צום צו־שניידערס טיש און הויבט אָן טייטלען אים מיטן פינגער אין די ברילן אריין:

— דו, דו, ווי לאנג מיינסטו באדארף מען שארפן א מעסער? עס האָט זיך שוין באלד געענדיקט דער האלבער טאָג און דו האָסט נאָך דאָס מעסער נישט שארף געמאכט! וואָס מיינסטו וועל איך האָבן פון דעם, וואָס דו שארפסט שוין באלד א שעה דאָס מעסער?

דער צושניידער ענטפערט גאָרנישט. ער לאָזט זיך טייטלען מיט די פינגער אין די ברילן אריין. ער ווערט אָבער נאָך רויטער ווי דאָן סאלאָ־מאָן. שוין אכט יאָר ווי ער טראכט יעדן טאָג, אז אָט, היינט, וועט ער

דעם באַלעבאָס זיינעם, דעם טייוולשן איד, דעם רוסאַ, פאַרפאָרן מיטן מעסער אין גאָרגל אריין. אָבער ער טוט נישט אזוי. ער האָט א ווייב, ער האָט דריי טעכטער און האָט ליב רויטן איטאַליענישן וויין; ער ווייסט, אז אין די טורמעס טרינקט מען ניט קיין וויין... שווייגט ער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

דאָן סאַלאָמאָן ווארט מען זאָל אים עפּעס ענטפערן. ער רוקט זיך א ביסל אָפּ פון טיש און ציט זיך אויס אין זיין גאנצער לענג. ער איז זייער א הויכער, דער באַלעבאָס פון דער פאבריק. אז ער ציט זיך אויס, ווערט ער נאָך העכער. אָבער ער איז זייער דאַר. קיינער קען דאָס אפילו נישט פארשטיין. די גאנצע וועלט ווייסט, אז דאָן סאַלאָמאָן איז אויף זיך נישט קארג. ער עסט א סך, טרינקט א סך, און דאָך ווערט ער דאַרער פון טאָג צו טאָג. דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך אפילו גענומען זיין דאַרקייט שטארק צום הארצן. ער האָט געבענקט נאָך א ביסל פעטס אויף זיין לייב. ער האָט ליב געהאט ארויסצושטופן זיין בויך פאָרויס, אָט ווי דאָס קומט אוים ביי בייכיקע מענטשן. אויך איצט האָט ער ארויסגעשטופט דעם בויך און געשריען:

— אז מען וויל שארפן א מעסער, קומט מען מיט א צען מינוט פריער! מען דארף געדענקען, אז דער באַלעבאָס גנבהט נישט קיין געלט! איך האָב אמאָל אויך געארבעט ביי יענעם און איך האָב שטענדיק געדענקט אזעלכע זאכן!...

אלעכאנדראָ אמאדעאָ מאנדאריני שווייגט. ער האָט אָנגעשארפט זיין מעסער און ער ווארט אז דאָן סאַלאָמאָן זאָל שוין אוועקגיין. סעניאָר בלום דערנענטערט זיך צו זיין שוואָגער. ער קוקט מיט דערשראָקענע אויגן. ער זאָגט עפּעס זייער שטיל. אָבער דאָס זשומען פונעם מאָטאָר פארשלינגט זיינע ווערטער. דאָן סאַלאָמאָן גיט אויף אים א שטעל אָן זיינע בייזע אויגן און צעשרייט זיך נאָך שטארקער:

— אז איך וועל זיך אויף דיר פארלאָזן, וועל איך קריגן א פארך! אז איך וועל זיך אויף דיר פארלאָזן, וועל איך ווערן אוים קאפּעליוש־מאכער! אז איך וועל זיך אויף דיר פארלאָזן, וועל איך...

דער שוואַגער האָט אים איבערגעשלאָגן אין דער מיט. ער האָט זיך אָנגענומען מיט כוח און ער האָט א געשריי געטאָן:

— א... א מענטש וויל מיט אייך נייטיק רעדן, ער וואַרט אין שרייב־צימער.

דאָן סאַלאָמאָן האָט שוין נישט פאַרענדיקט. ער איז אריין אין זיין ביוראָ און סעניאָר בלום האָט זיך אוועקגעשטעלט נעבן די ניי־מאַשינען. דער מאַשינער, „דער רויטער יאָסל", האָט אָנגעהויבן דעם טאָג מיט ברעכן נאָדלען. סעניאָר בלום איז געוואָרן בלאַס. ער האָט גענומען אין די הענט אריין די צעבראָכענע נאָדל, געשאָקלט מיטן קאָפּ, פאַרביסן מיט די ליפּן און געזאָגט:

— יונגערמאַן, אפשר וואָלט איר שוין אמאָל צעפּרידן געלאָזט די מאַשין?! אז איר האָט נישט דעם קאָפּ ביי דער ארבעט... וואו האָט איר דעם קאָפּ?...

דער רויטער יאָסל איז געווען דער בעסטער מאַשינער פון פאַבריק. אמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָט ער געגלויבט, אז ער וועט אמאָל ווערן אַן אויפזעער פון דער פאַבריק. אָבער זיין אומגליק איז געווען, וואָס ער איז געווען דער ערשטער ארבעטער, דער בעסטער... אים האָט זיך נישט געוואָלט אוועקצונעמען פון דער מאַשין. צוליב דעם איז ער אפּטמאָל געוואָרן נערוועז. ער האָט געוואוסט, „אז ער וועט שוין שטאַרבן ביי דער מאַשין". ער האָט זיך געגעבן א שטעל אויף, אָנגעשפּיזלט דעם משגיח מיט א פּאָר גרינע, קעצישע אויגן, און א וואָרף געטאָן מיט די הענט:

— איר קענט מיך הייסן גיין...

די ארבעטער האָבן בגנבה זיך אָנגעהויבן איבערווינקען מיט די אויגן. אייניקע האָבן געשמייכלט, אנדערע זיינע בלאַס געוואָרן, אייננגעהאַלטן די אָטעמס, געטראַכט, אז די פאַבריק איז א גיהנום. זיי האָבן געקריצט מיט די ציין און אַלע האָבן זיי מיטאמאָל דעם רויטן יאָסל שטאַרק ליב געקריגן... אפילו די וואָס האָבן יאָסלען שטאַרק פיינט געהאַט, האָבן איצט אים צוגעוואָרפן בליקן פול מיט באַוואונדערונג, ווי ער וואָלט געווען א העלד. פעדריטאָ, דער צוועלף־יעריקער אינגל, האָט ארויסגעשטעקט הינטערן אויפזעערס פּלייצע, די צונג. ער האָט אפילו פאַרביילט

זיין קליין פויסטל. דער רויטער יאָסל איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַנטקעגן דעם אויפזעער, שווער געאָטעמט און געוואַרט.

דאָן סאַלאָמאָן איז אַריינגעקומען. ער האָט זיך פּלוצלונג צעשמייכלט און געפּאַטשט דעם רויטן יאָסלען אין קאַרק אַריין:

— שוין, נערסט שוין אַ יחסן?... נו, וועט שוין צעזעצט... זעץ זיך שוין צוריק אַוועק... נו....

דער אויפזעער איז פאַרשוואונדן. דאָן סאַלאָמאָן האָט אים אַליין געבראַכט אַ צווייטע נאָדל. דערנאָך האָט ער שווער אָפּגעאָטעמט. אַלץ האָט שוין צוריק געאַרבעט. די לופט האָט געשמעקט מיט קאַוטשוק און בענזין. די קלעפּערס האָבן געקלאַפּט מיט די העמערלעך. די קלעפּעלעך האָבן זיך געשאָטן אין דער לופט, אויסגעמישט זיך מיטן ריח פון לעדער, מיטן זשומען פון די מאָטאָרן, און דער גערויש איז וואָס אַמאָל געוואָרן שטאַרקער און פיבערדיקער.

דאָן סאַלאָמאָן האָט אָנגעהויבן צו באַקוקן אַ קופּע מיט פאַרטיקע שיך־כאַלעוועס. די אַרבעט איז אים געפעלן. ער איז עפּעס געוועזן אין אַ גוטער שטימונג. ער האָט געטראַכט, אַז ווען ער געפינט איצט עפּעס אַ פעלער, וואָלט ער גאָרנישט געזאָגט. אָבער ער האָט גאָרנישט געפונען.

די אַרבעטער האָבן באַמערקט ווי דער באַלעבאָס קוקט איבער זייער אַרבעט. זיי האָבן בגנבה געקוקט און זיי האָבן זיך געשראָקן. זיי האָבן געוואוסט, אַז ווען ער זאָל איצט געפינען אַ פעלער, וואָלט באַלד ווייטער געוואָרן אַ טומל. זיי האָבן פיינט געהאַט דעם באַלעבאָס שטראָף־רייד. זיי האָבן באַוואונדערט און מקנא געווען דעם רויטן יאָסלען. ער איז גאָר אַ גוטער פאַכמאַן און ער האָט נישט מורא מען זאָל אים אָפּזאָגן. אך, ווען אַלע וואָלטן דאָס געקענט זיין אַזוי פלינק און שנעל ווי ער...

אַלע האָבן יאָסלען שטאַרק פיינט געהאַט. ער האָט פאַרדינט מער ווי אַלע און ער איז געווען ערגער פון אַלע. אַמאָל האָבן זיך אייניקע פון די אַרבעטער אָנגענומען מיט מוט. זיי האָבן פאַרגעלייגט יאָסלען זיך צו פאַרשרייבן אין פאַריין. יאָסל האָט זיך אָפּגעזאָגט: ער באַדאַרף נישט קיין פאַריין. אָבער זיי האָבן געהאַלטן, אַז מען באַדאַרף יאָ און זיי האָבן זיך פאַרשריבן אין פאַריין. מיט אַ וואָך שפּעטער האָט דער באַלעבאָס

אָפּגעזאָגט די, וואָס זיינען געווען ״פאריין־מענטשן״. יאָסל האָט מנובל־דיק געלאכט. די אָפּגעזאָגטע האָבן אָפּגעוואַרט זייערע חברים ביים ארויסגיין אויף דער גאס. זיי האָבן געוואַרט מיט פארחושכטע פּנימער, געוואָלט, אז אלע זאָלן גיין אין פאריין. אָבער די אַרבעטער זיינען זיך שנעל צעגאנגען. זיי זיינען אין פאריין נישט געקומען.

דאָן סאלאָמאָן האָט אלץ געוואוסט. עמיצער האָט אים איבערגעגעבן אלץ וואָס די אָפּגעזאָגטע האָבן גערעדט אויף דער גאס. דערנאָך האָט זיך דער באלעבאָס אוועקגעשטעלט נעבן דעם רויטן יאָסלען, געקוקט מיט אנטציקונג אויף זיין ארבעט, אים געגלעט די רויטע האָר און געזאָגט:

— יאָסעלע... איאָ, דו דאַרפסט נישט קיין פאריין?...

— אוודאי! — האָט יאָסל נאָך שטארקער געטריבן דעם מאָטאָר.

דאָס איז געווען אמאָל, מיט יאָרן צוריק. פון יענער צייט אָן האָט שוין קיינער ניט געפּרואווט אָרגאניזירן דאָן סאלאָמאָנס פאבריק. פונ־דעסטוועגן ווייסט דאָן סאלאָמאָן, אז עטלעכע זיינען דאָך פארשריבן אין פאריין.

דאָן סאלאָמאָן האָט שוין איבערגעקוקט די גאנצע ארבעט און ער האָט געשמייכלט א צופרידענער. ער האָט זיך א כאפּ געטאָן צו דער קליינער הויזן־קעשענע. ער האָט געוואָלט א קוק טאָן אויפן זייגער און האָט זיך געכאפּט, אז ער האָט אים פארגעסן אין דער היים. ער האָט א רוף געטאָן דעם קליינעם פּעדריטאָ, אים אוועקגעשיקט צו זיך אהיים, ער זאָל אים ברענגען דעם זייגער.

פּעדריטאָ האָט זיך אָנגעטאָן זיין צעריסן רעקל. דאָן סאלאָמאָן האָט אים נאָכגעשריגן:

— זאָלסט אים היטן ווי די אויגן אין קאָפּ... הערסט?!

שפּעטער מיט א האלבער שעה איז פּעדריטאָ צוריקגעקומען א פאר־שוויצטער. ער האָט געהאלטן די האנט אין קעשענע. זיין דאַר הענטל האָט געפילט אן אויסערגעוויינלעכן פארגעניגן פון דעם וואָס ער האָט גע־גלעט דעם זייגער. אויפן וועג איז ער געגאנגען א פארחלומטער. ער האָט געטראכט, אז ווען ער וועט ווערן א גרויסער, ער וועט שוין קענען

גוט דאָס פאַך, וועט ער אַפּשפּאָרן געלט און וועט זיך קויפן פּונקט אַזא זייגער.

מיטיקצייט, ווען די ארבעטער האָבן ווי שטענדיק געוואַרט, אַז סע־ניאָר בלום זאָל אויפשליסן דעם טויער פון דער פאבריק, האָבן זיי זיך געוויצלט מיטן קליינעם פּעדריטאָ:

— ביסט א יאָלד, פּעדריטאָ!

— ביסט א נאַר, פּעדריטאָ!

— וואָלסט באדארפט אנטלויפן מיטן זייגער!

עמיצער האָט גאָר שטארק געלאכט:

— פּעדריטאָ, טיפּש, וואָלסט איצט געהאַט א גאָלדענעם זייגער...

פּעדריטאָ האָט פארשעמט געשמייכלט. ער האָט מיטגעלאכט, נאָר זיין יונג הערצל האָט טאַקע איצט שטארק געקלאַפּט. טאַקע, וואָס וואָלט מען אים געטאָן, ווען ער גיט נישט צוריק דעם זייגער?

דער טאָג איז אוועק און עס איז געקומען א צווייטער טאָג. אין פאבריק זיינען אלע טעג שטארק ענלעך איינס צום אנדערן. מאַריאַנאַ, דאָן סאַלאָמאָנס דינסט, האָט זיך צוביסלעך צוגעוואוינט צו אירע ברויט־געבער און האָט שווער געהאָרעוועט. דאָניא ראָסאַ האָט איר געמוטיקט. זי האָט צו מאַריאַנאַן גערעדט אויף איר אמתדיק אייגן לשון. זי האָט איר געשאָנקען צוויי פּאָר זאָכן, און זי האָט איר צוגעזאָגט, אַז מיט אייניקע חדשים שפּעטער, וועט זי איר דערלייגן עטלעכע פּעזעס מער אויפן חודש.

מאַריאַנאַ האָט געגלויבט. זי האָט ליב געקראָגן איר באַלעבאָס־טע, האָט ליב געקראָגן איר באַלעבאָסטעס קינדער. זי האָט זיי געוואַשן, געקעמט און געזונגען פאר זיי אומפארשטענדלעכע, אָבער זייער שיינע לידער.

דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך אויף זיין דינסט נישט אומגעקוקט. ער האָט זי כמעט נישט באַמערקט. מאַריאַנאַ איז געווען שטארק אויסגעדאַרט, און דאָן סאַלאָמאָן האָט ליב געהאַט דיקע מענטשן.

מאַריאַנאַ האָט זיך ניט גענומען צום הארצן, וואָס איר ברויטגעבער האָט איר נישט באַמערקט. זי איז שוין געוואָרן היימיש מיט אלע זאַכן, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטוב, און אַז זי האָט דאָס בעט פארבעט

און אז זי האָט געפונען דאָן סאלאָמאָנס פארגעסענעם זייגער, האָט זי אים שוין גאָר דרייסט גענומען אין דער האנט. איר האנט האָט שוין אין אַזאַ מינוט נישט געציטערט. זי האָט דעם זייגער אוועקגעלייגט אויפן נאכט־טישל און ווייטער געטאָן איר ארבעט.

די מאָנאטן האָבן זיך אדורכגערוקט אין מאריאנאס לעבן. די טע, זיינען געוואָרן גרעסער און הייסער. מיט יעדן טאָג האָט מאריאנא ני־ האט אין דער שטוב אלץ מער ארבעט. זי האָט געווארט מיט אומגעדולד־ אויף דעם טאָג, ווען דאָניא ראָסאַ וועט זיך דערמאָנען אין איר צוזאָג און דערלייגן די עטלעכע פּעזעס.

שפּעט ביינאכט איז מאריאנא ארויפגעקראָכן אין איר בוידעם־צי־ מערל, וואָס איבערן קלאָזעט. זי האָט זיך אויסגעטאָן, צעפלאָכטן די האָר און האָט אוועקגעקניט אויפן שטיינערנעם פּאָל. זי האָט זיך איבערגע־ צלמט, פארלייגט די הענט און געזאָגט א תפילה. זי האָט געבעטן פאר איר געזונט, פארן געזונט פון אירע שוועסטערלעך, וואָס זי האָט איבער־ געלאָזט אזוי ווייט פון זיך און זי האָט געזיפצט. דערנאָך איז זי אריינ־ געקראָכן אין בעטל און איז שנעל אנטשלאָפן געוואָרן.

אויף צומאָרגנס איז געווען זייער א הייסער טאָג. אין דעם טאָג האָט דאָן סאלאָמאָן נישט פארגעסן דעם זייגער. מיטיק־צייט האָט ער שוין מער נישט געקענט איינזיצן אין דער פאבריק. ער האָט אלץ איבער־ געלאָזן אונטער דער אויפזיכט פון זיין שוואָגער און איז אוועק טרינקען א גלאָז ביר אינעם דייטשן ביר־הויז „דער סיבאריט".

אינעם ביר־הויז האָט זיך דאָן סאלאָמאָן צונויפגעטראָפן מיט עטלע־ כע גוטע ברידער, אויך פאבריקאנטן ווי ער. אָבער זיי האָבן טאקע אויס־ געזען ווי אמתע פאבריקאנטן. זיי האָבן געהאט גראָבע, אָנגעבלאָזענע בייכער, מיט גלאנציקע פליכעס אויף די קעפּ. זיי האָבן מיט הנאה גע־ זופן דאָס ביר, פארביסן מיט רויטע רעטעכלעך, געזיפצט און געשוויצט. די ווענטילאטאָרס האָבן זיך זשומענדיק געדרייט איבער זייערע קעפּ. די קעלנערס האָבן זיך געיאָגט צווישן די טישלעך און זיך גענייגט, גע־ דאנקט און געברענגט פרישע גלעזער מיט שוימיק־קאלטן ביר. אויף א גאלעריקע איבערן בופעט האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער. צוזאמענגע־

שטעלט פון מיידלעך. זיי האָבן אַלע געטראָגן בלויע קליידלעך אָן אַרבל. זיי האָבן זיך געווישט מיט די טיכלעך אונטער די פּאַכוועס. זיי האָבן פון זיך געטריבן שוואַרצע פליגן, זיך עפּעס געקרימט און געשפּילט טרוי־עריקע טאַנגאָס.

דאָן סאַלאָמאָן האָט געזופּט זיין ביר, געקוקט אויף די מיידלעך און זינדיקע געדאַנקען זיינען אים געקראָכן אין קאָפּ. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט, פאַרביסן די ליפּן און זיך געגלעט דעם בויך. די חברים האָבן אים באַדויערט. זיי האָבן באַשיינפּערלעך געזען, ווי עס האָט דאָן סאַלאָמאָנען „געכאַפּט דער מאָגן".

דאָן סאַלאָמאָן איז אַריין אין קלאָזעט. ער האָט זיך דערפריייט, וואָס עס איז נישט געווען פאַרנומען. ער האָט אַרויסגענומען דעם זייגער פון דער הויזן־קעשענע, האָט אים אוועקגעלייגט אין דער זייט, אויפן ווייסן מאַרמאָר. ער האָט דאָס געטאָן צוליב דעם, וואָס אַמאָל איז אים, באַ אַזעלכע אומשטענדן, דער זייגער אַרויסגעפאַלן פון דער קעשענע און דאָס שייבל האָט זיך צעבראָכן.

דערנאָך האָט דאָן סאַלאָמאָן געזיפצט. דורך די שפּאַרעס פון דער טיר האָבן זיך אַריינגעריסן מוזיק־טענער. טרויעריקע קלאַנגען האָבן אַריינגעשטראָמט. דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך אָנגעהויבן פילן גוט, זייער גוט.

מיט אַ שעה שפּעטער, ווען דאָן סאַלאָמאָן איז געגאַנגען אַהיים, האָט ער זיך פּלוצלונג מיט שרעק אַ כאַפּ געטאָן פאַרן גאַרטל. ער האָט זיך באַטאַפּט, און איז בלאַס געוואָרן. אַן אומגליק האָט אים געטראָפן: ער האָט איבערגעלאָזט דעם זייגער אין קלאָזעט!

ער איז שנעל צוריקגעלאָפן צום רעסטאָראַן. ער האָט געזוכט אין קלאָזעט. דער זייגער מיט דער קייט איז שוין נישט געווען.

דאָן סאַלאָמאָן איז אַריינגעפאַלן צו זיך אין שטוב אַ דערשלאָגענער. ער האָט זיך אוועקגעלייגט אויפן בעט און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. זיין ווייב האָט אים געגלעט, געוויינט און זיך געבעטן:

— וואָס איז דיר?... גאָט מיינער, וואָס איז דיר?

דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך צעקרעכצט:

— רויזעלע, ס'האָט מיך געטראָפן אַן אומגליק...

ענדלעך האָט ער דערציילט וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. דאַניאַ ראָסאַ האָט זיך שטאַרק צעוויינט:

— וואו האָסטו געהאַט דעם קאָפּ? וואו?

— אין דער ערד... אין דער ערד... און דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָבן מאַן און ווייב זיך קוים אַ ביסל באַרו־איקט. זיי האָבן זיך נישט געקוקט אין די אויגן אריין. זיי האָבן צווישן זיך כמעט נישט גערעדט. דערפאַר האָט דאָניאַ ראָסאַ זיך איינמאָל צע־רעדט מיט דער דינסט. זי האָט איר דערציילט וועגן דעם געטראָפענעם אומגליק, און צום סוף האָט זי געזאָגט:

— מאַריאַנאַ, איצט קען איך זיך שוין נישט פאַרגינען צו האַלטן אַ דינסט... מיר זיינען איצט אָרעמע מענטשן... נאָר אויב דו ווילסט אַר־בעטען פאַר ביליקער, קענסטו בלייבן...

מאַריאַנאַ איז בלאַס געוואָרן. זי האָט זיך דערשראָקן. זי האָט מיט מורא געשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, זי באַשטייט...

אַז די ידיעה מיטן פאַרלוירענעם זייגער איז אָנגעקומען אין דער פאַבריק, האָבן זיך די אויגן ביי די אַרבעטער צעלויכטן מיט פריידיקע נקמה־בליקן. אַז זיי זיינען אַ ווײַלע געבליבן אַליין, האָבן זיי געשאָטן מיט קללות:

— אַ שאָד וואָס ער האָט נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ!

— די קישקעס מיט די גערערים וואָלט ער באַדאַרפט פאַרלירן...

— די ציין, די חזרישע ציין...

— ס'לעבן, ס'הינטישע לעבן זיינס...

אָט אַזוי האָבן די מענטשן פון דאָן סאַלאָמאָנס פאַבריק געהאַט איין פריידיקן טאָג אין דער פאַבריק. אָבער באַלד אויף צומאָרגנס איז שוין דער טאָג געוואָרן טרויעריקער ווי אַלע טאָג ביז איצט.

איינמאָל, נאָך דער אַרבעט, האָט דאָן סאַלאָמאָן אַריינגערופן צו זיך אין שרייב־צימער דעם אַלטן איטאַליענער. זיי האָבן זיך לאַנג געזוימט אין צימער. דערנאָך איז דער איטאַליענער אַרויסגעקומען עפּעס אַזוי, ווי ער וואָלט זיך פאַר די פּאָר מינוט געעלטערט אויף צען יאָר... דאָן סאַ־

לאָמאָן האָט אים דערציילט, אז זיינע געשעפטן גייען שלעכט און ער האָט דעם אלטן אראָפּגענומען א פינפט־חלק פון זיין טעגלעכן לוין...

דער אלטער האָט איינגעוויליקט. פון היינט אָן וועט ער זיך שוין ניט קענען פארגינען צו טרינקען א גלאָז וויין ביים עסן... אָבער וואָס זאָל ער טאָן, ער איז דאָך שוין אזוי אלט...

אזוי איז געגאנגען מיט יעדן איינציקן פון די ארבעטער. זיי זיינען ארויסגעקומען פון דאָן סאלאָמאָנס שרייב־צימער מיט קללות אויף די ליפּן. זיי האָבן געביילט די פויסטן, געשפּיגן. אלע זיינען געבליבן אר־בעטן.

די איינציקע, וועמען דאָן סאלאָמאָן האָט ניט אראָפּגענומען פונעם לוין, איז געווען זיין שוואָגער און דער קליינער פּעדריטאָ. אפילו דעם רויטן יאָסלען האָט דאָן סאלאָמאָן נישט געשאָנעוועט. דער רויטער יאָסל האָט זיך נישט געלאָזן, כלומרשט אוועקגעגאנגען, אָבער מיט א טאָג שפּעטער איז ער צוריקגעקומען צו דער ארבעט.

דאָן סאלאָמאָן איז צוריק פרייל עכער געוואָרן. ער האָט צוריק אָנ־געהויבן צו רעדן מיטן ווייב. אָבער אין דער פאבריק זיינען די ארבעטער מיט יעדן טאָג טרויעריקער געוואָרן. א שווארצע מרה שחורה איז אויף זיי אָנגעפאלן. אז זיי זיינען געבליבן אליין, האָבן זיי זיך נישט גע־ווויצלט. סעניאָר בלום איז געוואָרן חוצפּהדיקער און שטרענגער מיט יע־דן טאָג. ער האָט פון די ארבעטער ארויסגעטריבן די כוחות.

די ארבעטער האָבן געשוויגן.

מאריאנא, די דינסט, האָט דורך די נעכט געוויינט. זי האָט גע־שלוכצט. זי האָט געהאט משוגענע חלומות. דער גאָלדענער זייגער האָט זיך איר ווי א שווערער שטיין אוועקגעלייגט אויף די דאַרע בריסטן. זי האָט דאָס פון זיך געוואָלט אראָפּוואַרפן און נישט געקענט. באלד האָט זיך דער זייגער פארוואנדלט אין א לעבעדיק באַשעפעניש. מאריאנא איז בייז געוואָרן און זי האָט דאָס באַשעפעניש אָנגעהויבן שרעקלעך צו שלאָ־גן. דאָס באַשעפעניש האָט זיך צעוויינט, געטרערט מיט די גאָלדענע אויגן. יאָ, מאריאנא האָט געהערט ווי דער גאָלדענער זייגער האָט גע־

וויינט, געיאָמערט מיט א שטילקייט, און גאָלדענע טרערן זיינען געריונען אויף אירע הענט. דער זייגער האָט געקרעכצט און זיך געצאפּלט:

— „איך בין נישט שולדיק... איך בין נישט שולדיק..."

אין דער זעלבער נאכט האָט זיך דער איטאליענער אָנגעשיכורט. ער האָט געוואָלט שלאָגן זיינע טעכטער. דערנאָך האָט ער געחלומט, אז ער האָט געפונען דעם גאָלדענעם זייגער און ער האָט אים צעשטיקלט מיט א ריזיקן האמער. דאָן סאלאָמאָן האָט דאָס צוגעזען און האָט זיך אויסגעריסן די האָר פון קאָפּ.

אזוי האָבן אלע ארבעטער געחלומט וועגן דעם גאָלדענעם זייגער. זיי האָבן זיך געקושט מיט גאָלדענע זייגערס, זיך געשלאָגן מיט גאָלדענע זייגערס, גאָלדענע זייגערס האָבן געוויינט מיט מענטשלעכע טרערן, און גאָלדענע זייגערס האָבן געזיפצט, — געזיפצט ווי קראנקע מענטשן...

דאָן סאלאָמאָן איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט דורך די נעכט נישט געהאט קיין שלעכטע חלומות. ער האָט שוין געהאט באַשלאָסן אין די נאָנטסטע טעג זיך צו קויפן א פרישן זייגער. ער וועט אים נישט טראָגן ביי זיך. ער וועט זיך באַמיען, אז די ארבעטער זאָלן אים קיינמאָל נישט זען. וועגן אלטן זייגער האָט ער שוין נישט געטראכט. סוף כל סוף האָט ער דאָך צום פארלוירענעם זייגער גאָרנישט דערלייגט...

אָבער דערווייל איז נאָך געווען נאכט. דאָן סאלאָמאָן האָט געשמייכלט פונעם שלאָף. זיינע ארבעטער האָבן נאָך אלץ געהערט וויינען גאָלדענע זייגערס אין זייערע פינסטערע חלומות. אזוי האָבן זיי אָפּגעחלומט ביז אין דער פרי, ביז זייערע פראָסטע וועקזייגערס האָבן זיי אויפגעוועקט און געטריבן צו דאָן סאלאָמאָנען אין דער שטיקנדיקער פאבריק אריין.

# די פארשיכורטע מאַשינען

דאַניא איסאבעל האָט געוויגט איר קינד ביי זיך אויף דער שויס. זי האָט געזונגען א וויג־לידל מיט וועלכן איר מאמע האָט איר אמאָל איינגעשלעפט; היינט איז זי שוין אליין א מאמע. זי גלעט דאָס קעפל פון איר קינד, זי וויגט זיך מיט דעם זיצנדיק אויף דער לעדערנער סאָפע, די סאָפע קרעכצט און דאָס קינד ליגט מיט צעעפנטע אויגעלעך, קוקט פאַר־גאפט אויף דעם גרינעם אבאזשור און ווערט נישט אנטשלאָפן. דאַניא איסאבעל וויגט זיך וואָס אמאָל האסטיקער, זי קרימט זיך און בעט זיך:

— שלאָף קינד, שלאָף, שלאָף!

אנטקעגן ביים טיש איז געזעסן דער טאטע, דאָן לאָרענסאָ. ער האָט געקוקט מיט פייכטע, פארשיכורטע אויגן אויף זיין ווייב, וואָס האָט זיך געוויגט. די רעכטע האנט האָט ער געהאלטן אויף א גרויסער פלאש מיט ווייִן, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש. ער האָט געוויגט די פלאש, אָט ווי זיין ווייב האָט זיך געוויגט מיטן קינד; ער האָט איצט, לכבוד דעם נייעם יאָר, וואָס האָט זיך געדארפט אָנרוקן אין עטלעכע מינוטן ארום, זייער א סך געטרונקען און ער האָט עפּעס אומגעדולדיק געווארט. ער האָט זיך ערשט געגרייט צו טרינקען, נאָך אמאָל צום טרינקען.

דאַניא איסאבעל האָט זיך געגעבן א שטעל אויף אין איר גאנצער הויך. זי איז געווען ריזיק גרויס; איצט איז זי עפּעס געווען אָנגעברוגזט, האָט זי אויסגעזען נאָך העכער. זי איז געווען אין כעס, וואָס איר זונדל האָט נישט געוואָלט אנטשלאָפן ווערן און וואָס דער מאן האָט זיך געגרייט אויסצולײדיקן די גאנצע פלאש מיט וויין. זי האָט זיך אוועקגעשטעלט

נאָענט אנטקעגן איר מאַן, מיטן קינד אויף די הענט. דאַן לאָרענסאַ האָט זיך צעשמייכלט. זיין ווייב האָט היינט געהאַט א העכערן בוזעם ווי אלע־מאָל. א ברייטע פּלייצע און שיינע, שלאַנקע פיס. צוליב אירע פיס האָט דאַן לאָרענסאָ מיט איר חתונה געהאַט, ווייל ער האָט געגלויבט, אז זיין ווייב האָט די שענסטע פיס פון אלע פרויען אויף דער וועלט.... ער אליין איז כמעט אזוי הויך ווי זיין ווייב, נאָר פיס האָט ער זייער מיעוסע. עטוואָס פארקרימטע און שנעל לויפן האָט ער קיינמאָל נישט געקענט. ווען ער איז געווען קליין האָבן זיינע חברים געלאַכט פון זיינע פיס און דאָס האָט אים ווייז געטאָן, שטאַרק ווייז געטאָן...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט געוואָלט א קוש טאָן זיין קינד, נאָר זיין ווייב האָט זיך אָפּגערוקט. זי האָט זיך צו אים אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע און ער האָט זיך אָנגעהויבן צו בעטן:

— לאָז מיך א קוש טאָן מיין קינד, מיין זון... וואָס ביסטו ברוגז?

זיין ווייב האָט א צי געטאָן מיט דער פּלייצע:

— א שיכור טאָר נישט קושן קיין קינד!...

דאָן לאָרענסאָ האָט זיך א וויג געטאָן אויף זיינע קרומע פיס, פארבויגן דעם קאָפּ אויף א זייט און געפרעגט מיט א באַליידיקטער מינע:

— איך בין שוין דען אמאָל אין מיין לעבן געווען שיכור?..

זיין ווייב האָט זיך צורוק אוועקגעזעצט אויף דער סאָפע. זי האָט א צארטן קוש געטאָן איר קינד און אים געענטפערט:

— איצט ביסטו שיכור... וואָלסט זיך באַדאַרפט שעמען...

דאָן לאָרענסאָ האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן, נאָר מיט אמאָל האָט זיך פונעם הויף דערטראָגן א פארשטיקטער זשום. באַלד האָט זיך דער זשום פארשטאַרקט, — ערגעץ גאָר ווייט האָט זיך צעפייפט א סירענע, מיטאמאָל האָט אָנגעהויבן צו קלינגען א גרויסער גלאָק, באַלד האָבן א סך גלעקער מיטגעקלונגען. ערגעץ וואו האָבן מענטשן געפּויקט אין א בלעך. עמעצער האָט אויסגעשאָסן זעקס מאָל. באַלד איז אלץ פארטויבט געוואָרן. אין פּאָרט האָבן זיך צעפייפט די שיף־סירענעס, אויף די וואָקזאַלן האָבן מיטגעפייפט די לאָקאָמאָטיוון. די גאנצע שטאָט איז פארפולט געוואָרן מיט א צעווילדעוועטן טומל, עס האָט אויסגעזען, אז די שטיינער פון די

טראָטוארן האָבן זיך צעשריגן, די ציגל פון די מויערן האָבן זיך צערע־וועט... נאָר די מענטשן זיינען געשטאַנען שטילע און פארגאפטע, זיך איינגעהערט אינעם געַרויש וואָס האָט מיט זיך מיטגעבראַכט א נײַ־יאָר. א סך מענטשן זיינען טרויעריק געוואָרן, אנדערע האָבן זיך צעשמייכלט... דאָן לאָרענסאָ האָט מיטגעשמייכלט, נאָר זיין זונדל האָט זיך צעוויינט. דאָניא איסאבעל האָט מיט דער האנט אוועקגעשארט דעם שטרויענעם פאָרהאנג פון דער טיר און זי האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף דער שוועל.

די נאכט איז געווען אַן אויסגעשטערנטע. דער טומל האָט זיך איינ־געשטילט, נאָר ערגעץ ווייט האָט נאָך אַלץ געקלונגען א גלאָק. דאָן לאָ־רענסאָ האָט זיך צוריק דערנענטערט צום טיש און אָנגערירט די פלאַש מיט ווײַן. זײַן ווײַב האָט זיך פּלוצלינג צעשריגן:

— וועסט נישט טרינקען! הערסט?

דאָן לאָרענסאָ האָט זיך א צאפּל געטאָן. דאָס קינד האָט זיך דער־שראָקן און איז גאָר אנטשוויגן געוואָרן. דער גלאָק האָט אויפגעהערט צו קלינגען, נאָר איצט האָט זיך שוין פונעם הויף דערטראָגן א שטיל שאָרכן. טיף אין הויף האָט זיך געפונען א בלעכענע שאָפע. דאָרטן, האָט זיך געפונען לאָרענסאָס פאבריק, דאָרטן זיינען נאָך איצט געשטאַנען א טוץ מענטשן, וואָס האָבן שווער געארבעט. זיי זיינען אַלע געווען שטאַרק פארשוויצט, ווייל די היץ איז געווען א שטיקנדיקע. זיי האָבן געארבעט ביינאכט, ווייל דאָן לאָרענסאָ האָט געהאַט א סך ארבעט און עס האָבן געארבעט דריי טורנעס. מאָרגן וועט זיין יום־טוב, אָבער איצט איז נאָך פאר די מענטשן קיין יום־טוב נישט געווען. זיי איז אויסגעקומען צו ארבעטן אין דער נאכט פון נײַ־יאָר. זיי האָבן אפילו נישט געפילט דאָס אָנקומען פון נייעם יאָר, זיי זיינען געווען שטאַרק פארהאָרעוועט און מיד.

דאָן לאָרענסאָ האָט זיך אוועקגעשטעלט נאָענט נעבן זיין ווייב. ער האָט איר געפאָלגט און ער האָט שוין מער נישט געטרונקען. דאָס קינד אין אירע הענט איז שוין געשלאָפן. זי האָט א ווינק געטאָן צו איר מאַן ער זאָל אויפמאכן די טיר פונעם שלאָפצימער. דאָן לאָרענסאָ האָט געפאָלגט. דאָניא איסאבעל האָט ארייַנגעלייגט דאָס קינד אין וויגל אריין, דערנאָך איז זי צוריק ארויס אינעם הויפל. מיטאמאָל האָט זיך איר מאַן צוגע־

שארט צום טיש, א כאפּ געטאָן די פלאש, האָט ער זיך צעשמייכלט, א שאָקל געטאָן די פלאש און שטיל א לאך געטאָן. דערנאָך האָט ער שטיל א רוף געטאָן זיין ווייב:

— איסאבעל!

זיין ווייב איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל.

— אפשר וואָלטן מיר מכבד געווען אונדזערע מענטשן מיט אביסל וויין... ווילסט?

דאַניא איסאבעל האָט זיך געקווענקלט:

— זיי וועלן זיך באגיין... ס'איז צו גוטער וויין...

דאָן לאָרענסאָ האָט זיך א וויג געטאָן אויף די קרומע פיס:

— פאָלג מיך, ס'איז ניי־יאָר, זיי ארבעטן ווי די פערד... מיר זיינען דאָך עפּעס קריסטן! זאָלן זיי וויסן, אז היינט איז א יום־טוב. נישט אזוי?

ער איז צוגעגאנגען נאָענט צו זיין ווייב, האלטנדיק די פלאש אין דער האנט. ער האָט א גלעט געטאָן זיין ווייב און עס האָט פון אים געשמעקט מיט וויין און מיט שיכורער גוטסקייט. ער האָט איר אפילו א קוש געטאָן אין דער האנט און ער האָט זיך א וואקל געטאָן. דאַניא איסאבעל איז געוואָרן גערירט. זי האָט א צי געטאָן מיט די אקסלען און געזאָגט:

— גוט, זאָל זיין. אָבער איין פלאש וועט זיין ווייניק. ווארט, איך וועל ארויסנעמען נאָך א פלאש מיט וויין.

דאַניא איסאבעל איז אריין אין דער קיך. זי האָט ארויסגענומען פון אייז־קאסטן נאָך א פלאש וויין, דערנאָך האָט זי ארויסגענומען פונעם קרעדענץ עטלעכע גלעזער און אז זי איז צוריקגעקומען, האָבן זיך ביידע געלאָזט גיין צו דער פאבריק.

אז מאן און ווייב זיינען אריינגעקומען אין דער בלעכענער שאָפּע, האָט א יאָג געטאָן אויף זיי א ווילדער מאָטאָר־גערויש, אויסגעמישט מיט ריח פון מאשין־אייל, פאראפין און שוויים; די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן געלויכטן טונקל צוליבן וואָל־שטויב, וואָס איז אויף זיי געלעגן. די ארבע־טער האָבן זיך געוויגט ביי די מאשינען, ווי זיי וואָלטן געזאָגט עפּעס א לאנגע רירנדיקע תפילה. זיי האָבן נישט געהערט און נישט באמערקט, אז

עמעצער איז אָנגעקומען, זיי זיינען געשטאַנען האלב־נאקעטע און זייערע הענט און פּלייצעס האָבן געגלאַנצט מיט נאסקייט, ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעשמירט מיט אייל; נאָר זייערע אויגן זיינען געווען אויסגעלאָשענע און זייערע בליקן זיינען געווען מאט און מיד. עמעצער פון זיי האָט א גערוועזער געקלאַפּט אין דער מאשין, ער איז געווען ווילד פון כעס, עפּעס האָט זיך אים היינט געהאלטן אין איין פארקלאַפּן די מאשין, איטלעכע ווייַלע איז זי קאַליע געוואָרן, וועט ער זיך שוין אָפּמאטערן א נאכט און גאָרנישט פארדינען, ווייל מען ארבעט „אויף שטיק", א בראָך זאָל דאָס כאפּן!

מאן און ווייב זיינען א ווייַלע געבליבן שטיין. באלד האָט דאָן לאָרענסאָ אוועקגעשטעלט די פלעשער אין אן עק טיש, וואו ס'איז געלעגן אָנגעלייגט מיט נישט־פארטיקע סחורות און שפּולן וואָל; ער האָט א פּאטש געטאָן מיט די הענט און א רוף געטאָן:

— קינדער, קומט אהער!

די ארבעטער האָבן זיך אומגעקוקט. זיי האָבן מיט אומווילן, נישט ניהאדיק, אָפּגעשטעלט די מאשינען. ס'איז געוואָרן שטיל און די פּנימער האָבן זיך ביי זיי פארקרימט, אָט, ווי זיי וואָלטן גערארפט טאָן עפּעס א זאך וואָס איז זיי נישט ליב. זיי האָבן זיך איינס דאָס אנדערע אין די אויגן ארייַנגעקוקט און פארשעמט אראָפּגעלאָזט די בליקן, נאָר דאך האָבן זיי זיך דערנענטערט צום טיש. דאָן לאָרענסאָ האָט פאר יעדן אָנגעגאָסן א פול גלאָז מיט רויטן, קרישטאָל־ריינעם וויין. דערנאָך האָט ער אליין אויפגעהויבן די פלאַש אין דער הויך און געזאָגט מיט א פארשיכורט, פרעמד קול:

— סאלוט! ס'זאָל זיין א סך ארבעט... מען זאָל שטענדיק ארבעטן, סאלוט! א גליקלעך ניי־יאָר!

די ארבעטער האָבן שוואך נאָכגעמורמלט:

— סאלוט... סאלוט... סאלוט...

אלע האָבן אויסגעטרונקען. דאָניא איסאבעל האָט זיך צעשמייכלט און דאָן לאָרענסאָ האָט א זופּ געטאָן פון דער פלאַש, דערנאָך האָט ער צונויפגענומען די ליידיקע גלעזער. די ארבעטער זיינען נאָך א ווייַלע

געשטאַנען און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, ענדלעך האָט זיך דער פאבריקאנט מיט זיין ווייב געזעגנט:

— א גוטע נאכט, א גליקלעך ניי־יאָר.

— א גוטע נאכט.

אויפן הויף האָט זיך דאָניא איסאבעל צעשריגן:

— איך האָב מיך געשוואוירן, אז דו וועסט נישט טרינקען... דו, שיכור!

דאָן לאָרענסאָ איז שוין געוואָרן בייז:

— אז איך וועל וועלן טרינקען, וועל איך ביי דיר נישט פרעגן, פארשטייסט?

דאָניא איסאבעל האָט זיך דערשראָקן. זי איז שנעל אריין אין שלאָף־צימער און פארמאכט די טיר הינטער זיך. דאָן לאָרענסאָ איז אריין אין קיך. ער האָט איצט ארויסגענומען נאָך אַ פלאש מיט וויין. ער האָט איר אויפגעשטאָפּט און אָנגעהויבן טרינקען פון דער פלאש. באלד האָט ער אָנגעהויבן אונטערברומען א לידל, אן אלט שפּאניש לידל, וואָס זיין טאטע האָט געזונגען דאָרט אין שפּאניע, ווען ער פלעגט זיך אָנשיכורן. דער ניגון האָט זיך געדרייט אויף זיין צונג, ווי די טענצערנס אין שפּאניע־לאנד ווען זיי טאנצן די „כאָטא"; דערנאָך האָט ער א קלאַפּ געטאָן אין קיך־טישל אריין און געשריגן צו די טעפּ, וואָס זיינען אזעלכע גלאנציקע געהאנגען אויף די ווענט:

— אין שפּאניע געפינט זיך דער בעסטער וויין!

— אין שפּאניע געפינען זיך די שענסטע פרויען!

— שפּאניע איז דאָס שענסטע לאנד!

— לאנג לעבן זאָל מיין שפּאניע! לאנג לעבן זאָל גאליסיא! אז כ'שיים מיך אריין אין אלע הייליקע... — האָט ער זיך אָנגעהויבן זידלען.

באלד האָט ער ווייטער געזופּט פון דער פלאש. דערנאָך האָט ער ווייטער געזונגען. דערנאָך האָט ער שיכור געלאכט. שפּעטער אביסל, האָט אויפן דאך פון זיין הויז אָנגעהויבן צו מיאוקען קעץ. דערנאָך האָט ערגעץ זיך צעקרייעט א האָן. גאָר שפּעטער אביסל, האָט דאָן לאָרענסאָ צעבראָכן

מיט א קנאק די ליידיקע פלאש. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט ביי די טעפּ אויף די ווענט:

— וואו געפינען זיך די שענסטע פרויען?

די טעפּ האָבן נישט געענטפערט.

דאָן לאָרענסאָ האָט ארויפגעטראָטן אויף דער צעבראָכענער פלאש און ווייטער געפרעגט:

— וואו געפינט זיך דער בעסטער ווייַן?

די צעבראָכענע פלאש האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך געלאָזט גיין דורכן הויפל צו דער פאבריק. ער איז געגאנגען פרעגן ביי זיינע ארבעטער און ער האָט אויפגעמאכט די טיר. א שלאָפנדיקע שטילקייט האָט זיך אנטקעגן געטראָגן, די לאָמפּן איבער די מאשינען האָבן איצט געברענט נאָך טונקעלער. עמעצער האָט שטארק געשנאָרכט. אויף די נישט פארטיקע סחורות זיינען געלעגן די ארבעטער און האָבן געכראָפּעט; פונעם ווייַן האָט זיך זיי פארדרייט די קעפּ און זיי האָבן שוין מער נישט געקענט ארבעטן. פארן שלאָפן גיין האָבן זיי געשאָלטן זייער ברויטגעבער, אז ער זאָל נישט דערלעבן נאָך א ניי־יאָר. זיי האָבן געשאָלטן זיין ווייב און זייער קינד. זיי האָבן דאָך געארבעט „אויף שטיק", און דאָס ביסל ווייַן האָט זיי געקאָסט א נאכט שווערע מי, וואָס האָט זיי פארשיכורט.

נאָר זייער ברויטגעבער, דאָן לאָרענסאָ, האָט זיך נישט גענומען צום הארצן. ער האָט זיך צעלאכט מיט א שיכורן געלעכטער, זיך געוויגט אויף זיינע פארקרימטע פיס און געקייכט:

— מיינע מאשינען זיינען שיכור... האָבן זיך אָנגעשיכורט... כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ער זיך געהאלטן ביים בויך.

ער איז צוריק ארויס אויפן הויף. אין הימל האָט זיך געשאריעט א גרויע העלקייט. דאָן לאָרענסאָ האָט אָנגעקלאפּט אין דער טיר פון זיין שלאָפצימער און געשריגן:

— איסאבעל... איסאבעל!... קום ארויס, וועסטו זען ווי אונדזערע מאשינען האָבן זיך אָנגעשיכורט, קום ארויס!

זיין ווייב האָט נישט געענטפערט, ערגעץ ווייט האָט זיך ווידער צעקרייעט א האָן.

# צוקער

דער צוג האָט זיך אוועקגעלאָזן אין וועג אריין אינגאנצן עטלעכע מינוט פאַר זון אונטערגאנג. גלייך אנטקעגן דעם לאָקאָמאָטיוו לענג־אויס די באַן־רעלסן, וועלכע האָבן זיך גלייך און אומענדלעך געצויגן צום האָריזאָנט, האָט זיך אראָפּגעזעצט א ריזיקע בלוט־רויטע זון, זיך אריינגעזעצט אין דער ערד, געזונקען וואָס א מאָל טיפער, און אז ס'האָט זיך שוין מער נישט ארויסגעזען ווי א קליין שטיקעלע זון, האָט זיך שוין דער צוג שנעל געטראָגן איבער די רעלסן, צעיאָגט זיך איבער די פעלדער, געוואָלט דערגרייכן צום אָרט וואו די זון איז אונטערגעגאנגען.

עס האָט אָנגעהויבן פינצטערן. די באַן־שינעס האָבן זיך אויסגעקרימט, זיך דורכגעצויגן איבער פעלדער, אראָפּגעלאָזט זיך אויף טאָליקע, משופּעהדיקע פלאכן, אויפגעהויבן זיך אויף בערגלעך, דורכגעיאָגט איבער קורצע בריקלעך, געשוועבט איבערן „גאָרטן פון דער רעפּובליק" (פּר. טוקומאן) — א גאָרטן א פארוואקסענער מיט גרינע הויכע שטעקנס, — צוקער־רערן.

פון אלע זייטן, ביי אלע האָריזאָנטן, האָבן זיך געהויבן שווארצע רויך־וואָלקנס צום פארוויטלטן פארנאכטיקן הימל. ערגעץ, נישט ווייט, האָבן זיך צעמאָלטע צוקער־שטעקנס געקאָכן אין ריזיקע קעסלען, זיך געקאָכט, געזאָטן, ארויסגעגעבן פון זיך — אלץ וואָס זיי האָבן געהאט אין זיך — צוקער, טייכן מיט צוקער, בערג מיט צוקער...

פון רגע צו רגע איז געוואָרן פינצטערער. דורך די וואגאָן־פענצטער

האָט זיך אריינגעריסן די נאכט, וואָס האָט זיך צעשפּרייט אויף די צו־קער־פעלדער.

און אינעם איינציקן צווייטקלאסיקן וואגאָן, אין וועלכן עס זיינען געפאָרן מער פּאסאזשירן ווי אין אלע ערשטקלאסיקע צוזאמען, איז גע־ווען א שרעקלעכע ענגשאפט און א טומל.. מען האָט געזונגען, מען האָט געשפּילט אין קאָרטן, מען האָט גערעדט מיט הויכע קולות, מען האָט גע־טרונקען ביר און מען האָט אויפגעפּאקט און פארפּאקט וואליזעס, פּעק. אויף די פּאָליצעס איבער די קעפּ, אויף די בענק, אונטער די בענק, — איז מען געקראָכן איבער פּעק.

אזוי טומלדיק ווי עס איז געווען אינעם צווייטקלאסיקן וואגאָן, אזוי שטיל איז געווען אין די ערשטקלאסיקע וואגאָנעם. עטלעכע גע־ציילטע פּאסאזשירן זיינען געזעסן פארלייענטע מיט צייטונגען, מיט בי־כער, מיט זשורנאלן, געוויגט זיך מיט שטרענג ערנסטע פּנימער, געוויגט זיך און פון צייט צו צייט געגענעצט.

איין ערשטקלאסיקער פּאסאזשיר, וואָס האָט נישט געלייענט קיין צייטונגען און ניט געגענעצט, איז געווען א יונגער מענטש, א זייער אָרעם געקליידעטער אויף צו פאָרן מיטן ערשטן קלאס; זיין טונקעלער אָנצוג, א פארגלאנצטער פון צופיל פּרעסן, האָט אויסגעגלאנצט דעם סוד פון זיין אָרעמקייט. ער איז א פּשוטער קלעזמער, א פידלער. ער האָט געשפּילט עטלעכע מאָנאטן אין א קאפע־הויז אין דער הויפּט־שטאָט פון דער פּראָ־ווינץ. דער קאָנטראקט האָט זיך געענדיקט, פאָרט ער צוריק קיין בוענאָס איירעס. ער פאָרט אויפן חשבון פון זיין געוועזענעם באלעבאָס, — פאָרט ער טאקע, צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, מיטן ערשטן קלאס. ער פאָרט צום ערשטן מאָל און מסתמא צום לעצטן מאָל...

קוקט ער ארויס דורכן פענצטער. ער באטראכט די צוקער־פעלדער ביים שיין פון די שטערן, און א שרעקלעכער אומעט ווייעט אויף אים פון די פעלדער...

אים, דעם פידלער, איז אומעטיק. ער איז קוים אלט דרייסיק יאָר. קיין קאָנצערטיסט וועט ער שוין נישט ווערן. די האָר פאלן אים אויס מיט אן אומגליקלעכער שנעלקייט... אלע מענטשן קענען זיך פארגינען

צו האָבן פּליכעס, אָבער א קלעזמער טאָר נישט האָבן קיין פּליך! א קלעז־מער טאָר זיך נישט עלטערן, דארף אייביק זיין יונג, שיין. און ער — ער עלטערט זיך פון טאָג צו טאָג... וואָס וועט פון אים ווערן אז ער וועט אָנקומען קיין בוענאָס איירעס?... ער האָט דאָך שוין א פּליך!...

דאָס קלאַפּן פון די רעדער איז א טרויעריקער. טרויעריק, ווייל זיי יאָגן זיך איבער די רעלסן ווי דאָס מענטשלעכע לעבן אויף דער ערד... א מוזיקער מיט א פּליך קען דאָס באַשטעטיקן!...

מיטאמאָל צעפּייפט זיך דער לאָקאָמאָטיוו. דער צוג הויבט אָן איינ־האלטן זיין שנעלן געלויף. נישט ווייט איז א סטאנציע. איינציקע פייער־לעך הויבן אָן אריינצוליכטן דורך די פענצטער און דער צוג בלייבט שטיין ביי א קליינעם וואָקזאל פון א פינצטער, פארחושכט שטעטל.

עס ווערט א טומל. ערגעץ קלינגט א גלאָק. דער לאָקאָמאָטיוו בלאָזט פון זיך מיט דאמף, פארשויבט מיט גערויש דאָס שטעטל, ווייל פארטויבן די נאכט, — די גאנצע וועלט.

דער צוג ווערט באלאגערט פון א מחנה פרויען. אָרעמע פרויען, אויסגעדארטע, אָפּגעריסענע; שווארץ־אויגיקע בליקן לויכטן מיט הונגער־פייער אין די שווארצאפּלען. פארברוינטע פּנימער הויכן פון זיך ארויס קראנקע אָטעמס, שטרעקן דארע, אויסגעהאָרעוועטע הענט; בלוי־אָדער־דיקע הענט מיט סקעלעטן־פינגער ווירבלען אין די וואגאָן־פענצטער. מיי־לער שרייען, בעטן זיך מען זאָל קויפן געפּלאָכטענע קוישעלעך, געפארב־טע אייער, צוקער־רערן, פּאפּיראָסן געוויקלטע אין קוקורוזע־בלעטער, — זיי האָבן צו פארקויפן אזוי פיל זאכן...

א סך פרויען האָבן שוין אלץ פון גאָר לאנג פארקויפט, אָדער האָ־בן קיינמאָל גאָרנישט געהאט צו פארקויפן. זיי בעטן פּשוט מען זאָל זיי עפּעס שענקען: ברויט, עטלעכע סענט, א שטיקעלע צוקער, א ביסעלע צוקער...

עטלעכע פרויען, מיט קליינע קינדער אויף די הענט, שטייען אנט־קעגן דעם רעסטאָראן־וואגאָן. זיי וויינען מיט בעטנדיקע קולות:

— צוקער, א ביסעלע צוקער... א שטיקעלע צוקער...

א פּאָליציאנט שלייכט זיך נאָך די אָרעמע פרויען. ער היט זיי, ביי־

זערט זיך אויף זיי און לאָזט נישט אז עמיצער פון זיי זאָל זיך אַנקלאַמערן אין די וואגאָנען. דער פּאָליציאַנט כאַפּט אַלע ווײַלע א קוק צו די פענצטער פונעם צוג. ער שמייכלט צו די פּאסאזשירן מיט א נארישן שמייכל. ער פילט זיך עפּעס שולדיק פאר דעם, וואָס די פרויען בעטלען. אויף די ווינקלען פון זיינע ליפּן ליגט צעלייגט דער באהאלטענער אמת פון זיין שמייכל. ער, ווען ער זאָל מעגן, ווען ער זאָל זיך נישט שעמען, — וואָלט ער אויך עפּעס געבעטלט...

דער גלאָק קלינגט צום לעצטן מאָל. דער צוג גיט זיך א ריס פונעם אָרט. באלד פארשווינדט דאָס שטעטל. דער פידלער בויגט ארויס זיין קאָפּ דורכן פענצטער. ער קוקט צוריק צום שטעטל, וואָס איז פארפאלן געוואָרן אין דער פינצטערניש.

ווייטער שפּרייטן זיך די צוקער־פעלדער אונטערן אויסגעשטערנטן הימל. נאָנט, נעבן די באַן־שינעס, רויכערן זיך פייערלעך: וואגאבונדן־נעסטן זיך אויף די פּוסטע פעלדער. דאכלאָזע מענטשן שלאָפן אויף אלע וועגן פון לאנד, אין אלע פּראָווינצן, — אפילו אינעם „גאָרטן פון דער רעפּובליק"...

דער פידלער גיט זיך א שטעל אויף. ער גייט אריין אין רעסטאָראַן־וואגאָן עפּעס טרינקען. אלע ערשטקלאסיקע פּאסאזשירן עסן שוין זייער אָוונטברויט. זיי זיצן שטייף אָנגעצויגענע, זייער ערנסטע, ביי די ווייס־געדעקטע טישן, וואָס בלענדן מיט ווייסקייט און ריינקייט. אויף אלע טיש־לעך שטייען בוקעטן מיט שמעקעדיקע, רויטע רויזן. העפלעך שמייכלענ־דיקע קעלנער שוועבן אום פארשמייעטע און דינסטגרייטע.

דער פידלער זוכט אן אָרט וואו זיך אוועקצוזעצן. א קעלנער ווייזט אים אָן אויף א ליידיקן שטול ביי א טישל, נעבן וועלכן עס זיצט אן על־טערער הער. דער הער האָט שוין אָפּגעגעסן. ער איז שוין זאט, נאָר ער זיצט נאָך אלץ אן ארומגעבונדענער מיט א שניי־ווייסן סערוועט ארום האלדז. עס שטעקט אים א ציין־שטעכער אין מויל און ער שמייכלט צו זיך אליין. ער איז, זעט אויס, אייביק א שמייכלענדיקער. ער לאכט צו אלעמען: צו די פּאסאזשירן, צו די קעלנער, אפילו צום פידלער וואָס האָט

זיך אנטקעגן אים אוועקגעזעצט, — צו אים שמייכלט ער שוין גאָר מיט אויסערגעוויינלעכער פריינטלעכקייט.

דער הער קען נישט איינזיצן א מינוט רואיק. ער דרייט זיין קיי־לעכדיקע לבנה־קאָפּ אויף אלע זייטן. ער זעט אויס ווי עפּעס א געטרייער טאטע, וואָס האָט הנאה דערפון וואָס זיינע קינדער באקומט גוט דאָס עסן. רייבט ער זיך א צופרידענער די הענט, און נאָך מער צופרידן איז ער, וואָס אנטקעגן אים האָט זיך עמיצער אוועקגעזעצט, — אָט וועט ער שוין האָבן מיט וועמען כאַטש א וואָרט אויסצורעדן.

א קעלנער קומט צו. ער שטעלט אוועק אויפן טיש צוויי טעפּעלעך קאווע. דער אלטער הער גיט מיט יונגער פלינקייט א כאַפּ די צוקערניצע און הויבט אָן צו באדינען זיין אומבאקאנטן שכן. ער שיט אין אריין וואָס מער צוקער. ער האָט ליב אלעמען צו באדינען... — דאָס שענסטע וואָס מענטשן קענען טאָן איז באדינען — דינען מיטן גאנצן הארץ און נשמה...

ער בויגט זיך אָן צום פידלער און פרעגט אים מיטן צעשמייכלטן פּנים:

— בין איך גערעכט? יאָ, אָדער ניין?

דער פידלער שאָקלט מיטן פּליכל:

— יאָ, יאָ!

דער אלטער האָט אים שוין אָנגעשאָטן צופיל צוקער. די קאווע גיסט זיך שוין ארויס פון טעפּעלע. דער פידלער טראכט זיך: „אָט, זאָל ער שיטן נאָך א ביסעלע, וועט נישט בלייבן קיין קאווע אין טעפּעלע!" — ער וועט טרינקען צוקער אָנשטאָט קאווע...

דער אלטער הערט אויף צו שיטן צוקער צום פידלער אין טעפּעלע אריין. אויך ער האָט ליב שטארק זיס. ער שיט אזוי, ווי ער וואָלט וועלן אויסשיטן דעם גאנצן צוקער, נאָר מען קען שוין מער ניט שיטן. ער בלייבט עפּעס אזוי, א ווײַלע נאָר, א פארגליווערטער, מיט דער צוקער־ניצע אין דער האנט. דער לבנה־קאָפּ טראכט עפּעס זייער ערנסט. אָט האָט ער שוין אויסגעטראכט. ער גיט א כאַפּ די צוקערניצע, שטרעקט זי ארויס דורכן פענצטער. ער שיט אויס אין דער פינצטערניש אריין —

אויף די פארחושכטע פעלדער און וועגן — דאָס גאנצע ביסל צוקער פון דער צוקערניצע. דערנאָך שטעלט ער אוועק די ליידיקע צוקערניצע אויפן טיש, בייגט זיך אראָפּ צו דעם פידלער און זאָגט מיט אזא שטארק ערנסט געוואָרענעם פּנים, ווי א מענטש, וואָס האָט אָפּגעטאָן אן אחריות־דיק שטיקל ארבעט:

— מען דארף פארנוצן וואָס מער צוקער, א סך צוקער, וואָס מער צוקער!

דער פידלער פּויקט עפּעס מיט די פינגער אויפן טיש. ווען ער וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט ער ארויסגענומען זיין פידל פונעם פוטליאר, ער וואָלט א צי געטאָן מיטן סמיטשיק און אויסגעשפּילט אויף דער דינ־סטער סטרונע אָט דאָס, וואָס דער אלטער הער האָט נאָר וואָס געזאָגט:

— מען דארף פארנוצן וואָס מער צוקער, א סך צוקער, וואָס מער צוקער!

דער אלטער באשטעלט זיך נאָך א טעפּעלע קאווע. אז דער קעלנער ברענגט עס, ווייזט ער די ליידיקע צוקערניצע. דער קעלנער ווערט פאר־צאַפּלט: באלד, באלד ברענגט ער א פולע צוקערניצע מיט ווייסן געמאָ־לענעם צוקער. דער אלטער שיט זיך נאָכאמאָל אָן א ביסל אין טעפּע־לע. דאָס איבעריקע שיט ער ווייטער ארויס אין דער נאכט אריין, אויף די פעלדער ארויס:

— מען דארף פארנוצן וואָס מער צוקער, א סך צוקער, וואָס מער צוקער! — שמייכלט ער ווי א נאריש קינד.

דער צוג לויפט מיט א רוהישער געשווינדקייט איבער די פעלדער. עס איילט זיך דער צוג. אין קנאַפּע פיר און צוואנציק שעה דארף עס דורכ־לויפן כמעט די גאנצע ברייט פונעם גרויסן ארגענטינע־לאנד. אָט, נאָך א ביסל, נאָך א ביסל, און עס וועט שוין זיין ווייט פונעם „גאָרטן פון דער ארגענטינער רעפּובליק", — פון טוקומאן.

די רעדער קלאַפּן איינטאָניק איבער די רעלסן, קלאַפּן צו צום טאקט. חזרן איבער די ווערטער פונעם אלטן הער, צעטראָגן זיי איבער דער ברייט פונעם רייכן, גרויסן לאנד.

„מען דאַרף פאַרנוצן וואָס מער צוקער, א סך צוקער, וואָס מער צו־קער!..."

דער רעסטאָראַן־וואַגאָן הויבט זיך אָן אויסצולײדיקן. דער אַלטער הער שטעלט זיך אויף פון זײַן אָרט. ער געזעגנט זיך מיטן פידלער אזא העפלעך שמייכלענדיקער. ער שאָקלט צו אַלעמען מיטן קאָפּ. די קעלנער שאָקלען צוריק מיט די קעפּ און זיי שמייכלען.

דער אַלטער הער איז שוין פאַרשוואונדן, נאָר זײַן טענצלדיק גאַנגע־לע, זײַן צופרידן וועזן, שוועבט נאָך טאַנצנדיק אַרום אין וואַגאָן, איז פול אין אַלע ווינקעלעך.

דער פידלער רופט דעם קעלנער. ער וויל באַצאָלן פאַר דעם טעפּעלע קאַווע. ער האָט שוין אָנגעגרייט א פּאַפּירל. נאָר דער קעלנער שאָקלט עפּעס מאָדנע מיטן קאָפּ: ניין, ס'איז שוין באַצאָלט... דער הער פּילערט האָט שוין באַצאָלט! א דאַנק...

דער פידלער בלײַבט זיצן מיטן פעזע־פּאַפּירל אין דער האַנט. ער איז אינגאַנצן צעחושט:

— ווער איז דער הער? איך האָב נישט געוואָלט ער זאָל פאַר מיר באַצאָלן...

דער קעלנער גיט זיך א כאַפּ א דערשטוינטער. ער בויגט זיך אָן צום פידלער און רוימט אים איין א סוד אין א אויער:

— וואָס, איר ווייסט נישט אז דער הער פּילערט איז דער רייכסטער צוקער־פּלאַנטאַטאָר פון טוקומאַן?.. דער אַלטער, אָט דער אַלטער, איז איינער פון די רייכסטע מענטשן פון לאַנד! יאָ! איר האָט דאָס נישט גע־וואוסט?

דער פידלער פאַרוויטלט זיך פאַר חרפּה. ער האָט נישט געוואוסט, נישט געוואוסט...

א ביסל שפּעטער פאַרלאָזט ער דעם רעסטאָראַן־וואַגאָן. ער קערט זיך אום אויף זײַן פריערדיקן אָרט. דער וואַגאָן איז פּוסט. אַלע ערשטקלאַ־סיקע פּאַסאַזשירן זיינען שוין פאַרשוואונדן אין די שלאָף־וואַגאָנען. דער קאָנדוקטאָר גייט דורך דעם וואַגאָן מיט אַן אָנגעצונדענעם לאַמטערן.

— באַלד וועט זיך דער צוג אָפּשטעלן אויף פינף מינוט.

עס דויערט נישט לאנג און דער צוג בלייבט שטיין ביי א צווייטער סטאנציע. דער פידלער קוקט ארויס אין דער נאכט אריין. ארום איז פינצ־טער... עס זעט אויס ווי דער צוג וואָלט געבליבן שטיין אין מיטן פעלד. פון ערגעץ דערהערן זיך מאָדנע שאָרכערייען. א אינגעלע פאסט זיך אריין אין א וואגאָן־פענצטער. ער שרייט צום פידלער:

— הערט, הערט, — ט׳ש־ש־ש־ש, קויפט א הינטעלע...

איידער דער פידלער וויל עפּעס ענטפערן, לויפן אריין אין וואגאָן עטלעכע פרויען. זיי בעטן דעם איינציקן פּאסאזשיר:

— קויפט פּאפּיראָסן.

— קויפט גראָזן צו רעאומאטיזם, קויפט!

— א קאנאריק פארקויף איך!...

דער פידלער דרייט מיטן קאָפּ: — ער וויל גאָרנישט קויפן.

עס לויפט אָן דער קאָנדוקטאָר. ער פּאָכעט מיטן לאמטערן, ער טרייבט די ווייבער, שטויסט זיי אין די פּלייצעס, ער וואָרנט, ער שרייט:

— דער צוג וועט באלד אוועקפאָרן! ארויס, שטייגט אָפּ, שטייגט אָפּ!

די ווייבער לאָזן זיך צו די טירן. אינדרויסן רייסן זיך געשרייען. פינצטערע געשטאלטן שארן זיך נעבן די וואגאָנען, קריכן אונטער די וואגאָנען, דראפּן זיך אויף די פענצטער, קלעטערן אויף די וואגאָן־טרעפּ־לעך, קלעטערן ארום דעם רעסטאָראן־וואגאָן, קלאפּן אין די פארמאכטע פענצטער פון די שלאָף־וואגאָנען. איצט בעטלען שוין אלע. מען בעט ברויט, סענטן אויף צו קויפן א ביסל צוקער. עמיצער הויבט אין דער הויך א קינד: — א ביסל צוקער פארן קינד! שענקט א שטיקל צוקער...

דער לאָקאָמאָטיוו צעפייפט זיך פּלוצלונג מיט א פארטויבנדיקן פייף. די גאנצע פינצטערניש צאפּלט אויף. דער צוג הויבט זיך אָן אוועקרוקן און דער רעסטאָראן־וואגאָן רוקט זיך מיט. די ווייס־געדעקטע טישלעך, מיט די רויזן־בוקעטן באצירטע, רוקן זיך דורך פאר די אויגן פונעם גאנצן פארפינצטערטן שטעטל. די רעסטאָראן־טישלעך וואַרטן עס זאָל זיך ווער נעבן זיי אוועקזעצן, און אויף יעדן טישל שטייט א

קרישטאָלענע צוקערניצע מיט צוקער — שניי־ווייסער, דין געמאָלענער צוקער...

יאָגט זיך ווייטער דער צוג מיט שטורעמדיקער שנעלקייט איבער פינצטערע וועגן. אלע פאסאזשירן שלאָפן שוין. די צווייטקלאסיקע פאסא־זשירן ליגן צעלייגטע אויף די הילצערנע בענק און כראָפּען. אלע שלאָפן, אלע זיינען פארטויבט פונעם רעדער־געקלאפעריי אונטער די וואגאָנען. דער איינציקער פאסאזשיר וואָס שלאָפט נישט איז דער פידלער. ער זיצט א וואכער ביים פענצטער. מאטערט ער זיך, וויל אנדרימלט ווערן און קען נישט. ער דערמאָנט זיך אין דעם הער פילערט, דעם צוקער־פלאנטאטאָר. ער מאכט אים נאָך מיט שפּאָט, שטעקט ארויס די האנט דורכן פענצ־טער, שיט ער, מיט א ליידיקער זשמעניע, אין דער פינצטערער וועלט אריין, רעדט ער צו זיך אליין — צו דער גאנצער וועלט:

„מען דארף פארנוצן וואָס מער צוקער, א סך צוקער, וואָס מער צו־קער!...

זיינע רייד ווערן פארטויבט, פארקלאפּט פון די רווישנדיקע, קלאפּנ־דיקע רעדער. זיינע רייד ווערן פון קיינעם נישט דערהערט, ווייל — ווייל דער צוג לויפט אין א חושך פינצטערער נאכט, — אויף א פארשלאָפע־נער און פארטויבטער וועלט...

# מוזיק

פונקט אין א שעה ארום האָט שוין געדאַרפט געבוירן ווערן א נייער טאָג, אָבער דערווייל איז נאָך געווען גוט פינצטער, און בייזע ווינטן האָבן זיך געיאָגט אינעם חושך, אויסגעקערט דעם שטויב פון אלע פוסטע וועגן און געוועקט די איינגעשלאָפענע וועלט. דער ווינט האָט די וועלט נישט דערוועקט, און פאר כעס נאָכגעמאכט דאָס ברומען פון ווילדע חיות און מיט אלע כוחות זיך נאָכגעיאָגט נאָכן לעצטן נאכט־צוג, וואָס האָט, ווי שטענדיק אין דער צייט, זיך געאיילט צו דערגרייכן די גרויסע שטאָט און מיטגעטראָגן מיט זיך עטלעכע צענדליק מענטשן, בלויז מענער, וואָס האָבן זיך נאָך פאר זון־אונטערגאנג פארבענקט צו די זונות, וואָס וואוינען אויסער דער שטאָט. און אָט האָבן זיי אפשר יאָ געפונען דאָס, וואָס זיי האָבן געזוכט. איצט איז שוין זייער בענקשאפט צוזאמען מיט דער תאוה צערונען געוואָרן, קערן זיי זיך צוריק אין זייערע היימען, מידע, פארמאטערטע און אויסגעלאָדענע...

אין דער נאכט זיינען כמעט אלע געזעסן אינעם צווייטקלאסיקן וואָגאָן, און איינצלנע, וואָס האָבן געהאט ערשטקלאסיקע בילעטן, האָבן זיך אויך דאָרט געפונען. לגמרי פרעמדע מענטשן האָבן זיך אָן קונצן באַקענט, פארפירט צווישן זיך צווייִדייטיקע געשפּרעכן און זיך מכבד געווען מיט פאפּיראָסן. דערנאָך האָט מען זיך דערציילט פארשיידענע אוואנטורעס, וואָס האָבן זיך „דאָרטן" געטראָפן, און שפּעטער א ביסל האָט מען געשפּיגן אויפן פּאָל, ביז מען האָט זיך צעגענעצט. פרעגט איינער ביים צווייטן ווי שפּעט עס איז שוין, און מען קוקט פארזאָרגטע דורך די פינצטערע פענצטער.

דער צוג שלעפּט זיך עפּעס, נישט ווי עס וואָלט זיך געוואָלט: אַט האָט ער זיך אפילו נישט געהאַט אָפּגעשטעלט אויף דער ערשטער סטאַ־ציע, אָבער, אז עס איז אָנגעקומען דער קאָנדוקטאָר און אָנגעהויבן דורכ־לעכערן די בילעטן, ווערן אלע א ביסעלע מונטערער, און אז דער קאָנדוק־טאָר הויבט אָן צו קריגן זיך מיט א פּאסאזשיר איבער א בילעט, וואָס זיין גילטיקייט איז אין ספק, ווערן שוין אלע פּאסאזשירן גאָר פריילעך. אייניקע מישן זיך אריין, און כמעט אלע זיינען אויף דעם פּאסאזשירס זייט: אוודאי איז דער בילעט גוט.

ביי דער צווייטער סטאנציע איז דער אינצידענט דערליידיקט. דער קאָנדוקטאָר לאָזט זיך שנעל ארויס אויף דער פּלאטפאָרמע. פון דאָרטן פאָכעט ער מיט א צעצונדענעם לאמטערן. דער צוג רירט זיך ווייטער פון אָרט. דער קאָנדוקטאָר קומט שוין נישט צוריק אין וואגאָן, נאָר אָנשטאָט אים שארט זיך אריין עפּעס א בלאָנדער יונג. ער באגריסט אלע פּאסאַ־זשירן מיט א הייזעריקן גוטמאָרגן. דערנאָך, אז ער גיט זיך א דריי אויס, דערזעט מען, אז ביי אים הענגט אויף דער פּלייצע א פּארמאכטע האנט־הארמאָניע. אלעמענס מידע בליקן האָבן זיך מאָמענטאל צעליינט אויף דער הארמאָניע, נאָר דער יונג האָט זיך געמאכט נישט ווייסנדיק. ער צוזאמען מיט זיין שפּיל־אינסטרומענט האָבן אויסגעהאלטן אלעמענס בליקן. א צווייטער אויף זיין אָרט וואָלט זיך גאָר פארשעמט, נאָר מיט אים האָט פּאסירט עפּעס אנדערש. ער האָט זיך געגעבן אזא שפּאָטישן פארנייג, און מיט א הייזעריקן קול אָנגעהויבן צו רעדן — דערציילט, אז ער איז א קאָנצערטיסט, און עס איז נישטאָ נאָך עמיצער וואָס זאָל קענען שפּילן אזוי ווי ער... אָ, וואָלט ער נאָר געוואָלט, וואָלט ער געקענט שפּילן אין די שענסטע סאלאָנען פון דער גרויסער שטאָט, נאָר ער וויל נישט... ער האָט פיינט די פארמאכטע זאלן, ער האָט פיינט און האסט אלץ פאר וועלכע מען דארף זיך בוקן אָדער נייגן... צום בעסטן האָט ער נאָר ליב צו שפּילן פאר מענטשן, וואָס פארלאנגען נישט קיין כבוד און דערצו האָט ער אויך ליב אלע זאכן וואָס באוועגן זיך. די שענסטע זאכן זיינען באנען. אין א באן שפּילט זיך צום בעסטן. דאָס געקלאפּערײַ פון רעדער איז דער בעסטער באגלייטער פאר אלע מוזיקאלישע אינסטרומענטן.

דער יונג רוט זיך אָפּ א מינוט. ער גיט א שפּיי, קיינער לאָזט פון אים נישט אראָפּ דעם בליק און דער יונג רעדט ווייטער:

— יאָ, אויסער דעם האָב איך פיינט גליקלעכע מענטשן. פאר גליקלעכע מענטשן וועל איך קיינמאָל נישט שפּילן, און דערצו קען איך אייך געבן מיין ערנוואָרט, אז איך האָב נאָך פאר אזעלכע נישט גע־שפּילט! איך האָב ליב אזעלכע פארשווינען ווי איר זיינט — איר, וואָס זיינט נעבעך אומגליקלעך, איר, וואָס האָט ניט קיין געליבטע... איר, וואָס וועט אפשר קיינמאָל ניט געליבט ווערן... איר, וואָס קומט איצט פון דאָרטן... איאָ, איר קומט איצט פון א בורדעל?

אלע פּאסאזשירן גיבן א שאָס ארויס מיט א געלעכטער, אָבער דער יונג האָט שוין פארלאָרן די חוצפּהדיקע מינע פון זיין פּנים. ער טוט זיך אויס דאָס היטל, באהאלט דאָס אין קעשענע. דערנאָך קעמט ער זיך מיט די פינגער זיינע בלאָנדע צעשויבערטע האָר. עמיצער טרעט אים אָפּ זיין פּלאַץ. דער יונג באדאנקט זיך. ער טוט זיך א בויג אויס, גיט פון זיך א טו אויס דעם פּאס אויף וועלכן עס הענגט זיין הארמאָניע. מאָמענטאל גיט ער זי א האסטיקן צי אויס. צעציטערטע, איבערגעוועקטע טענער צע־זיפצן זיך פון אונטער דעם יונגס הענט. די פּאסאזשירן האלטן איין דעם אָטעם. אלעמענס בליקן ליגן אויף די שווארצע צעצויגענע קארבן פון־נעם אינסטרומענט. אַלץ שטומט פון דערוואָרטונג. נאָר פּלוצלונג גיט דער יונג א שאָקל מיטן צעשויבערטן קאָפּ און צעלאכט זיך...

— מיינע הערן! איר מעגט זיך באצייטנס נעמען צו די קעשענעס!

קיינער לאכט נישט. אלע זיינען נערוועז. דער יונג גיט נאָך א לעצטן קוק אויף אלע פּאסאזשירן און באלד גיט ער א קוועטש אריין אלע צע־צויגענע קארבן. טייכן מיט טענער עקספּלאָדירן ארויס, פארפולן מיט־אמאָל אלע ליידיקע ווינקלען פון וואגאָן. די לופט ווערט וואָס אמאָל שווערער. ערגעץ הינטער די פינצטערע פענצטער שוועבט א ווייסער אָדלער, א פויגל אזא, וועלכן עס האָט זיך פארגלוסט דורכצושוועבן די לענג פון דער גאנצער וועלט. אָט יאָגט ער זיך איבער בערג, אָט גרייכט ער דעם ים, אָט גרייכט ער ווייטער די יבשה. באלד וועט זיך ווייטער אָנהויבן א ים. אָט וועט ער אפשר באלד דורכפליען דעם נייעם

ים. אך, ער פילט זיך שוין א ביסל מיד. אך, ווי ער וואָלט זיך וועלן אָפּרו־ען. ווער ווייסט ווי גרוים עס איז די וועלט? ניין, ער מוז זיין דער ער־שטער, וואָס וועט אָן אָפּשטעל דורכפליען די וועלט. נאָר די פליגל ווערן עפּעס שווער, שווער... דער אָדלער פאַלט אריין אין א שטורעמדיקן ים. כוואַליעס ווארפן זיך אויפן אָדלער. אָט פאַרדעקן זיי אים, פאַרשלינגען אים... אָרעמער אָדלער... אָרעמער...

דער יונג גיט זיך א צי אויס. אָט האָט ער פאַרענדיקט און גיט צום סוף א טופּע מיטן פוס. באַלד קומט א דונער. צענדליקער הענט אפּלאָדירן מיט אַלע כוחות. דער יונג לייגט אוועק נעבן זיינע פיס דעם אינסטרו־מענט. ער שמייכלט און קעמט זיך מיט די פינגער די האָר.

די פּאַסאַזשירן געוואַלדעווען:

— בראַוואָ! זייער גוט! בים! בים! און דער יונג שמייכלט, שלעפּט פון קעשענע דאָס היטל, שאַרט זיך צווישן די בענק און שמייכלט מיט נצחון:

— געלט! געלט! געלט!

יעדער איינער גיט. אָט איז מען שוין פאַרבייגעפאָרן נאָך א סטאַנ־ציע. איטלעכן ווייזט זיך אויס, אז דער צוג גייט שוין גאָר שנעל. אוודאי, איצט וואָלט שוין קיינער נישט געוואָלט, אז דער צוג זאָל אָנקומען פריער איידער דער יונג וועט שפּילן נאָכאַמאָל...

אָבער דער יונג איילט זיך נישט. אָט שטעלט ער זיך פלוצלונג אוועק ביי דער לעצטער באַנק און נעמט זיך קריגן מיט עפּעס א מענטשן, א גרויער מענטש, וואָס וויל נישט אריינוואַרפן עפּעס פאַרן בלאָנדן מוזי־קאַנט. דער יונג פרעגט מיט חוצפּה:

— דיר געפעלט נישט מיין מוזיק?

— ניין! — ענטפערט דער גרויער מענטש.

דער יונג צעלאַכט זיך און ער קוקט זיך ארום אין אַלע זייטן. זעט ער ווי אַלע שמייכלען צו אים, ווי אַלע ווינקען צו אים און רופן אים, ער זאָל לאָזן דעם מענטשן צורו, ווייל עס לוינט זיך נישט מיט אים צו טענהן. ער ווייסט מסתמא נישט וואָס אזעלכעס עס איז שיינע מוזיק. ניין, עס לוינט זיך נישט צו קריגן מיט אזא מענטש.

אָבער דער יונג ווערט שוין בלאס און ער פרעגט ביי דעם מענטשן:

— דו קענסט אפשר שפּילן בעסער פאר מיר?

— יאָ! שאָקלט דער מענטש מיטן קאָפּ.

דער יונג גיט א לויף צו צו דער טיר. באלד קומט ער צוריק מיט דער הארמאָניע. ער דערלאנגט זי דעם אלטן אין דער האנט און זאָגט:

— איך וויל זען און הערן, נו? און בשעת מעשה דראָט ער אים מיט דער פויסט.

דער גרויער מענטש מאכט זיך נישט זענדיק. ער גיט זיך א שטעל אויף, ציט פון זיך אראָפּ דעם מאנטל. דער יונג העלפט אים מיט נערוועז געוואָרענע, ציטערדיקע הענט. ענדלעך האָט זיך שוין דער אלטער צוריק אוועקגעזעצט. אָט שטעלט זיך דער צוג באלד אָפּ. באלד, נאָך צוויי סטאנציעס, און מען וועט שוין זיין אין דער שטאָט. אלע ציען מיט די אקסלען. מען שטעלט זיך אויף די בענק. דער צוג רירט. דער גרויער מענטש הויבט אָן. ער ציט עטוואָס אויס די קארבן. איין דינער קלאנג קומט פון זייער ווייט. דערנאָך קומען אָן אנדערע קלאנגען, עטוואָס העכערע. ניין, אלע קלאנגען זיינען כמעט די זעלבע. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס איין קלאנג קומט פון גאָר ווייט און דער אנדערער קומט פון גאָר נאָנט. ערגעץ הינטער די פענצטער־שויבן האָט פארבייגעשוועבט א לאמטערן. אָבער ניין, דאָס איז גאָר א פייערדיקער פונק. א פונק איז אריינגעפלויגן אין א גרויסן תבואה־שייער. עפּעס הויבט אָן צו רויכערן. אָט צינדט זיך אָן א פלאָם. דער פלאָם ווערט גרעסער. רויטע צינגער צע־ווירבלען זיך אין דער לופטן, קנאקן הפקרדיק. פון איין צונג ווערט צוויי, פון צוויי ווערן פיר. דאָס פייער ווער וואָס אמאָל העלישער, רויטע פלאמען קנוילן זיך, פארדרייען זיך, הויבן זיך וואָס אמאָל העכער. ווילן אונטערצינדן די הימלען. אָט באלד, און די גאנצע וועלט וועט פאר־ברענט ווערן, און מיטאמאָל גיט זיך עפּעס אויף איין מאָמענט א שטיל איין. באלד דערהערט זיך א שטיל גערויש. דאָס גערויש ווערט וואָס א מאָל שטארקער, מעכטיקער... איצט קען מען שוין הערן, ווי פון הויכע הויכן גיסט זיך וואסער. טויזנטער שטראָמען מיט וואסער. באלד פאר־וואנדלען זיך אלע שטראָמען אין איין שטראָם. אלץ ווערט פארטויבט.

וואסער ראנגלט זיך פון אייביק מיט פייער.... ביידע זיינען שטארק. איי־נער וועט זיגן, איינער וועט באזיגט ווערן... ראנגלען זיי זיך. מיטאמאָל ווערן די פלאמען שוואכער, הויבן זיך אָן צו לעשן, פארלעשן זיך. באלד ווערט אלץ פינצטער. די שטראָמען הערן אויף צו גיסן. עס איז שוין גאָר שטיל, עס טראָפּלט נאָך צו ביסלעך, עס הערט שוין באלד אויף, אָבער מיט אמאָל גיט זיך פון ערגעץ א ווייז א פלאם. א בליץ גיט א צעהעל די וועלט. דער הימל ווערט אין כעס. דריי דונערן גיבן זיך א צעשאל. נאָכאמאָל גיסן זיך שטראָמען מיט וואסער, גיבן זיך א צעגאָס איבער דער וועלט. איצט גיסן זיי שוין אָן רחמנות. אלץ איז שוין פארלאָשן, נאָר דאָס וואַ־סער גיסט זיך נאָך. ענדלעך איז שוין מער נישטאָ.

דער צוג האָט זיך געגעבן א שטעל אָפּ. ערגעץ האָט ווער אויסגע־שריען דעם נאָמען פון דער גרויסער שטאָט. איטלעכער האָט באלד זיך געגעבן א הויב פון די ערטער. קיינער האָט זיך שוין מער נישט אינטע־רעסירט מיט דעם, וואָס האָט נאָר וואָס פארענדיקט שפּילן. דער גרויער מענטש האָט מיט א טרויעריקן שמייכל געקוקט אויפן יונג. אָבער דער יונג האָט כמעט נישט געקענט אויסהאלטן זיין בליק. אָנשטאָט דעם האָט ער זיך גאָר ארויפגעשטעלט אויף א באנק, און פון דאָרטן האָט ער גע־שריען מיט א פארקרעקטער שטים צו די פּאסאזשירן, וואָס האָבן אומגע־דולדיק זיך געשטופּט צו די טירן וואָס פירן צום וואָקזאל:

— מיינע הערן! איר וואָלט באדארפט אָפּלאָדירן דעם מענטשן! אָט וואָס פאר ווילדע חיות איר זיינט... איר מיינט, אז אלעמאָל וועט איר האָבן די געלעגנהייט צו הערן אזא מוזיק... האָ?

נאָר קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט, און אפשר האָט קיינער נישט געהערט. אָבער לאנג איז נאָך דער יונג געשטאנען אויף דער באנק, גע־פּלעטשקעט מיט ביידע הענט, אפּלאָדירט מיט באגייסטערונג פאר אלע גלייכגילטיק אוועקגייענדיקע פּאסאזשירן און געשריגן:

— מיין הער, שפּילט נאָך עפּעס, איך וועל אייך דאַנקבאר זיין. סע־ניאָר פּאָר פאוואָר...*) מייסטער, שפּילט מיר נאָך עפּעס...

---

*) מיין הער, טוט א טובה.

# צווישן בערג, וואָס פאַרשווינדן

קאָרדאָבע, ארגענטינעס פרומסטע און צניעותדיקע שטאָט, וואָס פאַר־מאָגט א צוויי צענדליק גרויסע קלויסטערס און די זעלבע צאָל א ביסל קלענערע וויין־שענקלעך, ליגט זי אין א גרוב, צופוסנס אין צפון זייט, פון א לאנגער קייט הויכע בערג, שטיינערנע ריזן אזעלכע, באַוואקסענע מיט גרינעם מאָך אָדער גלאנציק רויטע, ווי קופּער מיט גרויע קאַלך פלעקן אויף די שפּיצן, וואָס פון ווייטנס באקומען זיי אלע א בלוי־לעך פארנעפּלטן קאָליר, ביז זיי פארוואנדלען זיך אין א רויטן, אָבער שמאָלן וואָלקן, וואָס פארלירט זיך ערגעץ אויפן האָריזאָנט.

אמאָל, מיט דורות צוריק, האָבן אין די בערג קיין מענטשן נישט געוואוינט, נאָר ווילדע טיגערס און גיפטיקע שלאנגען האָבן דאָרט זייערע היימען געהאַט, נאָר פון צייט צו צייט פלעגט דאָרט א ווילדער שבט פארבלאָנדזשען, און קיינמאָל שוין פון דאָרט נישט צוריקקומען. מענטשן דערציילן: אז דער „שלעכטער גייסט", דער וואָס האָט געהערשט איבער די בערג, דער באשיצער פון די טיגערס און שלאנגען, פלעגט די וואנדער־שבטים אין בערג פארוואנדלען.

מיט דער צייט אָבער, האָט דער שלעכטער גייסט פארלוירן זיין קראפט, דאָס איז געשען דאן, ווען די דינער פון זיין מאיעסטעט, דעם שפּאנישן קעניג און גאָטס זון, האָבן דאָס דאָזיקע לאנד באזוכט און באלד, אין א קורצער צייט ארום פון זיין קומען, אויפגעבויט א גרויסן קלויסטער, צופוסנס פון די בערג.

אמת איז, אז אויפגעבויט דעם קלויסטער האָבן נישט די דינער פון

זיין מאיעסטעט און פון גאָט, נאָר דווקא זיי, די ווילדע שבטים. די, וואָס האָבן זיך אזוי שטארק געשראָקן פארן שלעכטן גייסט, זיי האָבן דאן געמוזט זיך מיט שרעק און אנגסטן צו די בערג דערנענטערן, שווערע גראניט שטיינער פון די בערג ארויסרייסן און אויפבויען גאָטס הויז.

אָבער נישט אלע מענטשן פון די ווילדע שבטים האָבן געוואָלט העלפן בויען גאָטס הויז, די טענות זיינען געווען פשוטע: נישט זיי האָבן נויטיק געהאט אזא הויז, און אויך האָבן זיי נישט געוואָלט גלויבן אין דעם פרעמדן גאָט. ווייל וואָס פאר א גאָט מ'שטיינס געזאָגט איז ער שוין, אז מען דארף פאר אים אויפבויען א הויז?

האָט מען מיט זיי נישט געמאכט קיין לאנגע שהיות. די דינער פון גאָט און קעניג האָבן מיט זיך מיטגעבראכט אזעלכע וואפן, וואָס זיין מאיעסטעט האָט פאר זייער אוועקפאָרן, געהייליקט מיט א קוש און — מען האָט זיך מיט זיי אָפגעפארטיקט.

אזוי איז די מאכט פון „שלעכטן גייסט" געבראָכן געוואָרן. און די בערג זיינען ביסלעכווייז מיט דער הילף פון פערד און אייזלען אויסגע־פאָרשט און באזעצט געוואָרן.

היינט האָבן זיך שוין א סך זאכן געענדערט. די בערג, ווי עס באהויפטן אכציק יעריקע זקנים, זיינען שוין פיל נידעריקער געוואָרן. אויך באנוצט מען שוין נישט קיין מענטשן און אייזלען אויף איבערצופירן די שווערע שטיינער פון איין אָרט צום צווייטן. אָנשטאָט דאָס דאָזיקע, האָבן די מענטשן אויסגעזוגט אין די בערג אזעלכע שמאָלע שפאלטן, אין וועלכן עס גליטשט זיך עפּעס אן אייזערנער מחבל, וואָס סאפעט ווי א מיליאָן גענדז מיטאמאָל, און פירט איבער מענטשן און שטיינער פון איין אָרט צום צווייטן.

אָט, אויף דעם שפאלטן וועג, וואָס הויבט זיך אָן אין דעם גרוב קאָרדאָבע און ענדיקט זיך דאָרט אין דער הויך אין שטעטל קאָסקין, וואו עס געפינט זיך דאָס הויז פון דער הייליקער מאריע, און וואו עס לעבן מענטשן מיט גאנצע נשמות און צעפערטלטע לונגען, אויף דעם וועג נענטער צו קאָרדאָבע, געפינט זיך דאָס שטעטל „פונעס שטיינערנעם קרייץ".

א מאָרנע שטעטל איז דאָס, א צעוואָרפנס אזא, אויפן קארק פון א נישט הויכן, פלאכן בארג, ארום וועלכן עס וויקלט זיך א וואסערדיקער שלאנג פון זילבער קאָליר, וואָס מען רופט „ערשטער טייך" און וואָס פון דער הויך זעט ער אוים ווי א ריזיקער פראגע־צייכן.

אויף דעם בארג ליגט דאָס צעשיט ווי ארבעס פון א צעלעכערטן זאק ארוים עטלעכע מאות משונהדיקע הייזלעך, געמאכטע פון ליים און צווייגן, אין סטיל פון אדם הראשונס צייטן, אין וועלכע עס לעבן א צוויי טויזנט נפשות, אזעלכע מאָדנע פארעקשנטע ברואים, וואָס דאָס גאנצע לעבן זייערס פארנעמען זיי זיך מיט א משונהדיקן ספאָרט, ווי וועלן די בערג אָפּווישן פון דער ערד, עס זאָל פון זיי קיין שריד ופליט נישט בלייבן. נאָר ביז איצט איז זיי בלויז געלונגען פארקירצן זיי, קלינעם ארייגקלאפּן, אָפּהאקן זיי די שפּיציקע קעפּ, צי גאָר אויסבויערן זיי לעכער אין די בייכער. און צו דעם צוועק באנוצן זיי זיך, מיט האמערס, אייזערנע שטאַבעס, דינאמיט, און אנדערע נויטווענדיקע מכשירים, מיט וועלכע עס באזאָרגט זיי דער דאָן מירעטי.

אייגנטלעך ווייסט דער דאָן מירעטי זייער ווייניק וואָס עס האָט פּאסירט אין דעם שטעטל אויפן בארגיקן קארק, ווייל ווי אזוי קען ער דאָס וויסן, אז ווינטער וואוינט ער אין רוים אין שכנות מיטן הייליקסטן פון די הייליקסטע פּאָטערס, און זומער פארברענגט ער אין פּאריז, וואו ער מאכט אינטערעסאנטע רייזעס אויפן אייפל טורעם, צי ער איז גאָר באשעפטיקט מיטן לייגן בלומען אויפן קבר פון אומבאקאנטן סאָלדאט, צו וועלכן עס אויטאָריזירט אים, זיין נישט לאנג באקאנטער, אָבער זייער גוטער פריינט און חבר בעניטאָ מוסאָליני; זעלבסטפארשטענדלעך, אז וועגן דעם שטעטל פונעם שטיינערנעם קרייז, וואָס די דאָרטיקע איינוואוינער רופן גאָר „מירעטים שטעטל", אינטערעסירט אים זייער ווייניק. ווייל וואָס איז ער שולדיק, אז זיין זיידע האָט עפּעס מיט א פינף צענדליק יאָר צוריק געוואונען ביי עפּעס א גענעראל א פּאפּירל, וואָס האָט אים געמאכט פאר אן אייגנטימער פון הויכע ריזיקע בערג. מילא, זאָל זיין בערג. הלמאי אז דער זיידע האָט אים איבערגעלאָזט א פאבריק פון ציגארן אין האוואנא, נו, וועט ער דאָס אוועקוואָרפן? און ווען מעלבורן,

עפעס א שטעטל וואָס געפינט זיך אין אויסטראַליע וואָלט געהערט צום זיידן, וואָלט ער אפשר אויך געווען שולדיק?

בקיצור, ווי געזאָגט איז דער דאָן מירעטי נעבעך גאָר נישט געווען שולדיק, נישט פאַר דעם וואָס לצים האָבן דאָס שטעטל פון שטיינערנעם קרייץ גערופן „מירעטים שטעטל", און אויך נישט פאַר דעם, וואָס נישט ווייט פון באַרג האָט זיין זיידע געלאָזט אויפבויען אַזעלכע ריזיקע אויוונס און מילן, וואָס פלעגן דאָס צעמאָלן די ריזיקע שטיינער, ביז זיי פאַר־וואַנדלען זיך אין קאַלך, און די אַנדערע שטיינער, די פון גראַניט און מאַרמאָר, צעשניידט מען גאָר אַזוי עקאָנאָמיש אין פּירקאַנטיקע שטיקלעך ווי א לעקעך אויף אן אָרימע חתונה, און דערנאָך ברוקירט מען מיט זיי אַריסטאָקראַטישע גאַסן, צי מען בויעט טורמעס, אָדער מען מאַכט גאָר פון זיי מצבות, דאָס ווענדט זיך שוין אין מזל פון יעדן שטיין באַזונדער...

פאַרן דאָן מירעטי אָבער האָבן אַלע שטיינער איין ווערט, אויף אַזוי פיל, וואָס אין זיינע באַנק ביכער קומען אַלע מאָל צו פרישע נולן אויף דער רעכטער זייט פון די סך־הכלן.

אויך די אַרבעטער אינטערעסירט ווייניק דער גורל פון די שטיינער, זיי ווייסן נישט מער, אַז פאַר זייער אַרבעט קריגן זיי געלט, פאַר וועלכן מען קריגט צו קויפן ברויט, ווייַן, אפילו ליבע... צי גאָר א הילצערנעם פּוס אויפן אָרט פון די אמתע, וואָס מען פאַרלירט אַמאָל בשעת דער אַרבעט, אָדער גאָר א הילצערנעם קאַסטן פאַר איינעם וואָס האָט געהאַט די חוצפה זיך צו פאַרטראַכטן בשעת דער אַרבעט, און נישט דערהערט די וואָרע־נונגס סיגנאַלן, אַז נישט ווייט פון אים וועט זיך באַלד א בערגל צעטאַנצן, און בלייבט דערפון ליגן מיט א שטיין אין קאָפּ, אָדער פאַרקערט, מיטן קאָפּ אונטער א שטיין, און דערנאָך זאָל מען דאַרפן ברענגען א הויב־מאַשין, און דאָס ערגסטע, באַלעסטיקן אומזיסט א צענדליק מענטשן.

ווען נישט אַלע די צופאַלן, וואָלטן זיכער די מענטשן פון דעם שטעטל געלעבט אייביק, און דער גרויסער בית הקברות וואָס געפינט זיך אויף דער צווייטער זייט פון וואַסערדיקן שלאַנג, וואָלט נאָך היינט זיכער נישט אַזוי גרויס געווען. א סימן איז דאָס, וואָס די לופט איז זייער א גוטע, ווען נישט וואָלטן זיכער די רייכע געלערנטע מענטשן פון שטאָט, נישט

אויפגעבויט נישט ווייט פון שטעטל א גרויסע, שטיינערנע געביידע וואָס זיי רופן „פּאלאס־האָטעל".

א מאָדנע הויז איז דער דאָזיקער „פּאלאס־האָטעל": אלע זומער קומען זיך צונויף אזעלכע רייך געקליידעטע מענטשן, וואָס גאנצע טעג טוט מען גאָרנישט, נאָר מען רייט אויף אייזלען, אָדער מען שפּילט זיך ווי קליינע קינדער אין באל. אָט פון די דאָזיקע הערן און דאמען איז נאָך קיינער נישט געשטאָרבן, בשעת זייער זיין אין די בערג. נאָר מיט איינעם נעבעך האָט געטראָפן אן אומגליק. עפּעס א יאט פון מירעטים שטעטל האָט דעם זעלבן בכבודיקן הער דערשאָסן אויף טויט, כלומרשט מיט אן אויסרייד, אז דער דאָזיקער הער האָט פארגוואלדיקט זיין שוועסטער... נאָר ס'איז זיכער נישט אמת, מסתמא געווען אן אויסרייד אויף צו וועלן אים בארויבן...

האָט מען דעם דאָזיקן בחור מקיים פּסק געווען אויף אייביקע פאר־שיקונג אין אן אָרט, וואָס רופט זיך פייערלאנד. וואָס אז מען וויל קען מען דאָס זעלבע אָרט אָנרופן ארגענטינישער סיביר, און— באסטא!

די רייכע הערן פון „פּאלאס־האָטעל" זיינען פון דעם דאָזיקן פּסק זייער און זייער צופרידן געווען. א געוויסער הער, זייער א גראָבינקער, מיט קעלביש פארטרוימטע אויגן אזעלכע, האָט אפילו געזאָגט, „א שאָד וואָס ביי אונדז איז נאָך נישט איינגעפירט קיין טויט שטראָף... ס'מאכט נישט אויס, מען דארף זיך לערנען ביי אונדזערע ברידער אין צפון..." האָט א צווייטער הער געענטפערט — דער זעלבער וואָס איז געווען אין אויפ־נאם קאָמיטעט צו באגעגענען ראבינדראנאט טאגאָרע בעת זיין אָנקומען קיין בוענאָס איירעס, און דעמאָלט געהאלטן אזא גלענצנד שיינע רעדע, וועגן „אייביקן פרידן", „מענטשן פארברידערונג", „ליבע", „רחמנות", אא"וו און אזוי לאכנדיק, מיט א קוויטשנדיק שטימעלע, געזאָגט:

— פארלאָזט זיך נאָר אויף אונדז... איילט זיך נישט. איר פאר־שטייט? זיך נאָר נישט איילן... ט'שוין זיין גוט... כי־כי־כי...

אָבער די איינוואוינער פון מירעטים שטעטל זיינען פון דעם דאָזיקן פּסק דין גאָרנישט צופרידן געווען און די אינסטינקטיווע שנאה וואָס זיי האָבן געפילט צו די הערן פון „פּאלאס־האָטעל", האָט זיך פארוואנדלט

אין א שרעקלעכן האס. געוויינטלעך פלעגט דאָס געשען ענדע זומער, ווען די הערן זיינען זיך צעפּאָרן.

אלע יאָר פלעגן מיט די הערן פון האָטעל מיטקומען אפשר א טוץ אזעלכע אויסגעפּוצטע יונגעלייטלעך, מיט גלאנציק פארקעמטע האָר און מאניקירטע נעגל, עפּעס אזעלכע דארע, געצערטלטע באשעפענישן, וואָס אפשר צוליב א טעות זיינען זיי פאררעכנט געוואָרן צום מענלעכן גע־שלעכט. און נאָך זייער אוועקפאָרן פלעגן א טוץ פון די שענסטע מיידלעך פון מירעטים שטעטל בלייבן אן אָנדענק פון די דאָזיקע בחורימלעך, — א האלב טוץ ארטיפיציעלע זיידענע זאָקן, א פאָטאָגראפיע, א פינגערל פון גאָלדן קאָליר, און עפּעס א מאָדנע קלעמעניש אונטערן הארצן און —

די מעשה מיט די מיידלעך פארענדיקט זיך אזוי:

די ערשטע פיר פלעגן זייער שנעל חתונה האָבן מיט מענער, וואָס האָבן בשעת דער ארבעט איבערגעלאָזט א האנט, א פוס, אָדער עפּעס ענלעכעס.

צוויי פלעגט מען געפינען דערטרונקענע אין דער דאמבע, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון האָטעל.

און זעקס פלעגט מען דערנאָך טרעפן אין קאָרדאָבע, שפּאצירנדיק אין אזעלכע שמאָלע, פינצטערע געסלעך, ווינקנדיק צו יעדן דורכגייער, שטיל מורמלענדיק מיט א דריבנע געלעכטערל.

— קום מיט מיר, קעצעלע... קום מיט מיר, זונעלע... וועסט זיין צופרידן... קום!

אזוי פלעגט זיך דאָס פארענדיקן. אלע פארהיטונגס מיטלען, דראָ־אונגען, האָבן צו גאָרנישט געטויגט, ס׳איז אומעגלעך געווען צו פארהיטן, פונקט ווי ס׳איז אומעגלעך צו פארהיטן, אז פארטאָג זאָל זיך פון אונטער די בערג־שפּיצן אין מזרח זייט ארויסרוקן א שטיק רויט פייער און באַ־פארבן בשעת מעשה דעם הימל און פארטרייבן די פינצטערניש צוגלייך מיט די בריליאנטענע אויגלעך, וואָס קוקן אראָפּ פון דער הויך. און די נאכט זאָל א דערשראָקענע ווערן בלייך, און אנטלויפנדיק ערגעץ, אויפ־וועקן אלץ וואָס שלאָפט.

צום ערשטן וועקן זיך אויף פון שלאָף די גרויסע אויוונס אונטערן

בארג. עפּעס פלעגט זיך דאָרט צעברומען אזא קול, פּונקט ווי ביי אן אָקס, ביי וועלכן מען שניידט אָפּ לעבעדיקערהייט דעם עק; ברומט ער אזוי מוראדיק הילפלאָז, ווי ער וואָלט בעטן הילף ביי אלץ און אלעמען. ביז דאָס קול ווערט שוואכער, שטילער, ביז׳ עס שטארבט אָפּ. נאָר ערגעץ זייער ווייט, ענטפערט נאָך לאנג אָפּ א ווידערקול.

די איינוואוינער אין די ליימענע הייזלעך קענען שוין גוט דאָס וויינען פון אָקס; אלע פארטאָג פלעגן זיי דאָס מכלומרשט שלאָפנדיקע, אָבער דאָך וואכנדיקע, דאָס קול דערוואַרטן; נאָר קיינמאָל נישט מיט פרייד. ווייל דאָס ברומען פלעגט זיי דערמאָנען, אז זיי דארפן נאָכן קורצן נאכט־אָפּרו ווידער גיין מלחמה האלטן מיט די בערג. ווייל אזוי איז מסתמא דער ווילן פון דעם, וואָס האָט די בערג באשאפן, ווי אויך דער ווילן פון גענעדיקן דאָן מירעטי, אויף וועמענס באפעל עס צעברומט זיך דאָס פארטאָג דער געפּייניקטער אָקס.

דער ערשטער וואָס דערהערט דאָס אָקסישע ברומען, איז א יונג מיט רויטע געקרייזלטע האָר און שווארצע אויגן, וואָס אלע רופן אים „רוסיטאָ" און אין דער אמתן הייסט ער בעני.

אלע פארטאָג, ווען אלץ איז נאָך אין פינצטערניש פארוויקלט, ליגט ער אויף דער קאטרע א וואכעדיקער, האלטנדיק אין דער האנט אן אָנגע־צונדענעם פאפּיראָס, וואָס זעט אויס ווי א רויטער שטערן און הערט זיך צו צו דעם שנאָרכען וואָס דערטראָגט זיך פון אנטקעגן, וואו עס שלאָפט זיין חבר, עפּעס א שווארצער יאט מיט א פּנים פון קאווע קאָליר, וואָס מען רופט מאטעאָ און איז געבוירן געוואָרן אויף אן אינדזל וואָס הייסט סיציליע.

ליגט ער דאָס מיט אזעלכע ברייט צעעפנטע אויגן און טראכט. איינגנטלעך פלעגט ער אין אזעלכע מינוטן גאָרנישט טראכטן, ווייל ווען ער פלעגט זיך פלוצלינג אויפכאפּן פון שלאָף, פלעגט ער זיך כמעט שטענדיק צעשיידן מיט א חלום, וואָס ער האָט אמאָל דאָרטן אין דער אלטער היים איבערגעלעבט אין דער ווירקלעכקייט. ס׳פלעגט זיך אים אויסדאכטן, אז ער האָט זיך דערמאָנט א קלאנג פון א ניגון וואָס ער האָט

שוין לאנג נישט געזונגען און ער האָט שוין דעם קלאַנג נישט געלאָזן צורו ביז ער פלעגט זיך דערמאָנען דעם גאַנצן ניגון.

און וואָס איז דאָס דער אונטערשייד פון א ניגון ביז אן איבערלעבעניש? ניגונים זיינען דאָ פריילעכע און טרויעריקע.

— איבערלעבענישן אויך!

און ער דערמאָנט זיך:

„די מאמע זיצט אן אָנגעפעלצטע און איינגעקאָרטשעטע, אויף א נידעריק בענקעלע, נעבן א קוישל מיט פארפרוירענע עפל. א זאַמדיקער, שטעכיקער שניי באַשיט די וועלט, באַשיט די מאמע, און זי קוקט מיט פארפרוירענע אויגן און פארפרוירן פנים צו די דורכגייער, אפשר וועט זיך ווער דערנענטערן, אפשר וועט ווער קויפן א פונט איבערגעפרוירענע עפל.

— קום אהיים, מאמעשי, — בעט זיך בעניעק, און ציטערנדיק פון שווידערנדיקע קעלט, קלאַפּט ער מיט די פיס אינעם טרוקענעם שניי, — קום אהיים, וועסט נאָך פארפרוירן ווערן... זעסט דאָך, אז וועסט שוין היינט גאָרנישט לייזן, גאָרנישט פארקויפן...

— גאָט קאָן נאָך העלפן... איך האָב נאָך היינט אפילו נישט געמאכט קיין פּאָטשאָנטיק, — שאָקלט די מאמע מיט צער און האָפענונג מיט איר פארשנייעטן קאָפּ.

— קום אהיים, מאמעשי — בעט זיך בעניעק נאָכאמאָל מיט טרערן אין די אויגן — ווילסט כ׳זאָל דיר אויסשיטן און צעטרעטן די עפל?! קום אהיים, מ׳זעט דאָך נישט קיין משוגענעם הונט!..

— ווילסט צעטרעטן די עפל? וואָלסט שוין אין איין וועגס מיך אויך געמעגט צעטרעטן, כ׳זאָל שוין פטור ווערן די פינצטערע וועלט איינ־מאָל פאר אלע מאָל...

בעניעק הויבט אויף דאָס קוישל פון דער ערד. א שווייגנדיקער, מאכט ער זיך נישט הערן, ווי די מאמע שעלט זיך אליין. ער הויבט אָן כליפּען. אלע מאָל ווען די מאמע שעלט זיך אליין, מוז ער זיך צעכליפּען...״

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פלוצלינג האָט זיך ערגעץ דער אָקס צערעוועט, האָט ער דאָס געגעבן

אזא שפרונג אויף, און געבליבן זיצן אויף דער לייוונטער קאטרע ווי א פארשטיינערטער.

ער האָט זיך פלוצלינג דערמאָנט, אז אָט אין דער מינוט געהערט ער שוין נישט צו זיך, איצט געהערט ער שוין צו דעם דאָן מירעטי, און אז באלד אין געציילטע מינוטן ארום וועט ער זיך מוזן צושמידן צו אזא אייזערנעם וועגעלע, איבערגעפולט מיט שטיינערנע גלידער פון די בערג, וועט ער דאָס וועגעלע שלעפן בארג אראָפּ, צופירן ביז צו די אויוונס, וואָס הינטערן בארג, אויסשיטן און ווייטער זיך גליטשן אויפן בארגיקן קאָפּ, און ווידער צוריק צו די אויוונס, ביז די זון וועט זיך אין שויס פון די בערג באהאלטן, און דערנאָך וועט ער צוריק צום הייזל זיך דערשלעפן, א פאר־מאטערטער, מיט גלידער ווי בליי, און א העמד פון שוויס צעווייקט...

דאָס שנאָרכן פון אנטקעגן האָט מיט אמאָל אויפגעהערט, עמעצער האָט זיך געגעבן אזא מאָדנע טרייסל און א פארשלאָפן גרילצנדיק קול האָט געפרעגט:

— ס'האָט שוין געפייפט?

— יאָ!

— עפּעס א שנעלע נאכט געווען...

— ס'דאכט זיך דיר אויס...

— פוי — האָט ווער א שפּיי געטאָן.

שארן זיך ארוים פון צווישן ליימענע הייזקעס, פארשלאָפן־איינגעהויקערטע נפשות, מיט משונהדיק שווערע הענט, וואָס פילן נאָך פון נעכטן די שווערקייט פון שווערע אייזערנע האמערס, אָט אזוי ווי מען פילט א קוש פון א נמאס געוואָרענער געליבטער, וואָס מען האָט נישט דעם מוט צו פארלאָזן.

שפּרייזן זיי אזעלכע שטילשווייגנדיקע, דערשלאָגענע, צווישן בערג פארהילטע אין א בלויִלעכן נעפל, ביז די זון הויבט זיך אויף העכער איבער די בערג־שפּיצן, און אז ס'פארשווינדט דער נעפל, צעשיטן זיך העלע שטראלן אויף מוטלאָזע פּנימער. ס'צעפינקלען זיך טרויעריקע אויגן און ליפּן צעשמייכלען זיך.

ס'צעהילכן זיך ערגעץ געזונטע געלעכטערס און קולות, וואָס פאר־

מישן זיך מיטן געזאנג פון מחנות פייגל וואָס שוועבן אין דער הויך. און אלעמען דאכט זיך אויס, אז דאָס לאכט מען פון זיי, פון די שטיינערנע ריזן, קעגן וועלכע עס קעמפן אזעלכע קליינע שוואכע באשעפענישן, און זיי, די דאָזיקע באשעפענישן, בלייבן די זיגער...

ס'צעקלינגט זיך ערגעץ א גלאָק. ס'הויבן זיך האמערס אין דער לופט און פאלן מיט טומל אין די שטיינערנע קערפערס, ס'צעקנאלט זיך עפּעס פּלוצלינג אזוי ווי א דונער מיט א שרעקלעכן קראך, דערשרעקן זיך די בערג, הויבן זיי אָן צו ציטערן. הויבן זיך אָן צו שיטן קליינע שטיינדלעך, און א גרויסער ריז בלייבט ליגן א צעשפּליטערטער. ס'ווערט מיט אמאָל מאָדנע שטיל. הערט זיך ווער צו, צי עס האָט זיך נישט פּלוצלינג צערעוועט דער אָקס, און ווען ער איבערצייגט זיך אז ניין, אָטעמט ער אָפּ מיט דערלייכטערונג און פארוואונדערונג.

— א גליקלעכער טאָג היינט!

— קיינעם נישט געשאדט?

— דאכט זיך אז ניין...

הויבן זיך ווייטער די האמערס אין דער לופטן, ס'צעשפּריצן זיך פונקען, און עס דערהערט זיך ערגעץ א געזאנג אזוי ווי א ברומען.

שארט זיך לאנגזאם דער יונג צוזאמען מיט זיין וואגאָנעטקע צו א קופּע אָפּגעבראָכענע בארג־גלידער. קלויבט ער זיי צו זיך אין וועגעלע אריין, און נישט דערהערנדיק דאָס געזאנג, בלייבט ער אָפּטמאָל שטיין פאר א בארג, באטראכט אים אזוי, און דערנאָך א גליטשנדיקער זיך אויף זיין וועגעלע צו אייזערנע שינעס צוגעשמידט, דאכט זיך אים אויס, אז ווען ער וועט נאָכאמאָל אויף דעם דאָזיקן אָרט פארבייפאָרן, וועט ער שוין מער דעם בארג נישט טרעפן און ער דערפילט אזא רחמנות צום בארג, און קוקנדיק אויפן בארג, דאכט זיך אים אויס אזוי ווי דער בארג וואָלט ביי אים געפרעגט:

— ווער פון אונדז ביידע וועט פריער פארשווינדן?

— ווער?

# דרייסיק נאָז־טיכלעך

ווען מאָטל געץ איז אלט געוואָרן צוויי טוץ יאָרן, האָט ער געהאנדלט מיט ווייבערשע ארטיפיציעלע זיידענע זאָקן, זאָקן־בענדלעך, געשטריקטע שאלן און אנדערע קלייניקייטן, וואָס ער פלעגט פאר־קויפן אויסשליסלעך צו יענע באשעפענישן פון ווייבלעכן געשלעכט, וואָס זיינען אין די אָוונטן אָפּגעשפּארט, און די מענער פון א פופצן ביז אכ־ציק יאָר ציען זיך צו זיי דורך די גלעזערנע טירן, פארהאנגענע מיט קאָ־לירטע פאָרהענגלעך.

אָט צווישן די משונהדיקע באשעפענישן פלעגט ער זיך גאנצע טעג און אָפּטמאָל ביז שפּעט נאָך האלבער נאכט, ארומשלעפּן מיט זיין פּעקל סחורה און פארקויפן עס אויף אלע אופנים, וואָס איז נאָר מעג־לעך: אמאָל פאר באלד באצאָלט, אמאָל אויף אויסצאָלן אין קליינע ראטעס.

מאָטל איז פון זיין באשעפטיקונג געווען זייער צופרידן, ממש גליקלעך, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אָפט האָבן מיט אים פּאסירט קליינינקע אומגליקן: עפּעס א געוויסע „סעניאָריטא מאריא לואיסא", צי גאָר די „מאדמואזעל מימי" אָדער „פריילן יענטע באשע" פלעגן נישט וועלן באצאָלן. האָט זיך שוין מאָטל פון אזא געשיכטע שטארק גענומען צום הארצן, געוואָרן בלאס, און אָנהויבנדיק שטארק צו סאָפּען, האָט ער אויפן קול אָנגעהויבן שעלטן אין זייערע מאמעס און חתנים אריין, מיט גרויזאמע קללות, אָדער גאָר אָנגעהויבן דראָען, אז ער קען זיי, די מיידלעך, אז ער קען זייערע טאטעס און פעטערס, ווייסט זייערע אדרעסן, וועט ער זיי אָנשרייבן „פון וואָס זיי מאכן א לעבן"...

פלעגן זיך די סעניאָריטאַס, מאַדמואַזעלן און פרײַלנס צוערשט א ביסל דערשרעקן, אָבער באַלד צעלאַכן זײ זיך גאָר מיט א הײזעריקן גאָרגלען, און הױבן אָן צו סטראַשען, אז מ'קען באַלד רופן פּאָליציי, אים לאָזן אַרעסטירן. װײַל קײנער קען אים נישט און קײנער איז אים לגמרי גאָרנישט שולדיק.

אין אַזא מינוט קען שוין מאָטל נישט אױסהאַלטן, ער צעװײנט זיך, װישט זיך מיט די פינגער די אױגן, און הױבט אָן צו רעדן מיט אַזא גע־ענדערט צאַרט קול און נעמט דערצײלן פאַר דער „סעניאָריטאַ" זײַן „לעבנס־געשיכטע": ער האָט אן אַלטע פּאַראַליזירטע מאַמע און זעקס קלײנע ברידערלעך און שװעסטערלעך, װאָס דאָס אינגסטע איז איצט אַזױ גרױס, װי דאָס פּוס־בענקעלע, װאָס שטײט אין צימער, און אָנ־כאַפּנדיק בײַם מײדל די האַנט, פאַלט ער אױף די קני, קושט אָן אױפ־הער און טענהט:

— אן אַלטע מאַמע... ברידערלעך... שװעסטערלעך... א בראָך צו מײַן קאָפּ...

ענדלעך פלעגט זיך בײַם מײדל דאָס רחמנות דערװעקן, און טרערן, אמתע טרערן, װי טראָפּנס רעגן, שטעלן זיך איר אין די אױגן. שלעפּט זי אַרױס פון די זאָקן, װאָס זי האָט בײַ אים געקױפט, א צעקנײטשטע פּאַפּירל, בסך הכל א העלפט פון דער סומע װאָס אים קומט, און פאַרן רעשט באַצאָלט זי אים מיט א צאַרטער באַדינונג...

מאָטל איז נישט פון די מענטשן, װאָס מען קען בײַ אים עפּעס צו־נעמען. אָבער דאָך איז ער פון אַזעלכע פּאַסירונגען נישט שטאַרק צו־פרידן, װײַל נאָך אָט אַזא געשעעניש האָט ער שױן א גאַנצע נאַכט נישט געקענט שלאָפן. ער איז געלעגן א װאַכנדיקער און מיט שרעק געטראַכט: „װער װײסט צי איז ער שױן נישט קראַנק? מאָרגן װעט ער גײן צו א דאָקטער". בשעת מעשה האָט ער א גלעט געטאָן עפּעס א ביכעלע, װאָס איז געלעגן אונטערן קישן צוקאָפּנס און שטיל געפּלאַפּלט:

— הונדערט... פינף הונדערט... טױזנט... צװײ טױזנט... צען טױזנט...

אָט אַזױ צײלנדיק, איז ער אַנטשלאָפן געװאָרן מיט א זיסן שלאָף.

איינמאָל נאָך אזא שלימזלדיקן טאָג, ווען ער איז ווי געוויינלעך געגאנגען איינמאָנען חובות און עס האָבן זיך, ווי שטענדיק, איבערגע־חזרט די שיינע סצענעס און דערצו האָט ער עפּעס באקומען א שרעקלעכן קאָפּ־ווייטיק מיט נאָך ערגערע בויך־שמערצן, האָט ער איינגענומען צוויי אספּירין־פּילן און צען גראם ענגליש זאלץ, און אויסגעטרונקען א גאנצן טשייניק טיי מיט ציטרין.

זיינען דריי קראנקע טעג אוועק. און ערשט אויפן פערטן טאָג, מי־טיק־צייט, ווען ער איז שוין געווען פולקאָם געזונט און ווייטער איינגע־מאָנט חובות, און ווי אלע טעג געגעסן א ביפשטיק, מיט ווייניקער אפּע־טיט און מיט שרעק, אז עס זאָל אים נישט פארשאטן, האָט ער פלוצלונג מיט א נישט צעקייטן ביסן אין מויל זיך פארטראכט אָט אזוי:

— צו וואָס דארף ער זיך מאטערן אויף דער וועלט? פארוואָס זאָלן עפּעס אזעלכע נבלות (די „סעניאָריטאס") זיין זיינע פּרנסה־געבערס? און פארוואָס זאָל ער עפּעס דארפן עסן אין א רעסטאָראן, וואו פאר יע־דער זאך מוז ער באצאָלן מיט „שווייס און בלוט" און נאָך דערצו נישט זיין זיכער מיטן לעבן?... — און נאָך לאנגע טראכטענישן און איבערליי־גענישן האָט ער באשלאָסן חתונה צו האָבן.

האָט ער זיך גענעבן א האסטיקן הויב פון אָרט, זיך ארומגעקוקט און באמערקט עפּעס א בלאס־באברילטן פארשוין, וואָס זיצט פארטיפט אין א „אידישן בלאט" און דאָס עסן ווערט אים קאלט. האָט ער אים פריינטלעך אויפמערקזאם געמאכט, אז דאָס עסן ווערט אים פארקילט, און פארקילטע עסנס זיינען נישט געזונט צום מאָגן.

האָט זיך יענער יונגערמאן פריינטלעך צעשמייכלט און העפלעך באדאנקט. מאָטל האָט אים געבעטן, ער זאָל אים באָרגן דאָס בלאט.

מאָטל האָט זיך ערנסט פארטיפט אין דער צייטונג און עפּעס זייער לאנג געזוכט און געבלעטערט, און אז ער האָט ענדלעך געפונען, האָט ער פארצייכנט אן אדרעס אין זעלבן ביכעלע זיינס, וואו עס איז פארשריבן וואָס אים קומט ביי די „מיידלעך".

דעם זעלבן טאָג נאָך, פארנאכט, איז מאָטל אוועק צום „בארימטן אָרנטלעכן שדכן". ער האָט זיך פאר אים פאָרגעשטעלט און אים דער־

ציילט, אז ער איז א מענטש א פּאָרדינער, שטאַמט פון אַן ערלעכער היים און ער וויל זיך באַקענען מיט א נישקשהדיק מיידל ס'זאָל זיין אויף וואָס צו קוקן...

האָט אים דער שדכן שאַרף אָנגעקוקט, דערנאָך זיך צעשמייכלט, געקלאַפּט אין דער פּלייצע, און איינצייטיק זיך געוואונדערט, וואָס אזא שיינער יונג קומט גאָר צו אים, און מיט א קול, וואָס האָט מאָטלען גע־קלונגען אין די אויערן ווי צעשאָטענע, גאָלדענע רענדלעך, האָט דער שדכן געדבּרט:

— יונגערמאַן, איר האָט געטראָפן דאָרט, וואו איר דאַרפט... קאַבאַזשעראָ, איר וועט מיר אייביק דאַנקען... סעניאָר, איר וועט בענ־טשן די מינוט, וואָס איר זענט צו מיר געקומען... בנאמנות! — האָט ער מיט א פויסט אים געשטורכעט אין דער ברוסט.

אין א וואָך אַרום האָט זיך שוין מאָטל דורך דעם שדכן באַקאַנט מיט דער סעניאָריטאַ קאַרמען. איר פאָטער איז אַן אייגנטימער פון א מעבל־געשעפט און פון אַן אייגן הויז, וואָס קיינער ווייסט נישט, אויף וועלכער גאַס עס געפינט זיך, און ווער עס באַוואוינט דאָס, נאָר אז ער צעקריגט זיך מיטן שכן, אויך א מעבל־הענדלער, הויבט יענער אָן צו דערציילן די סודות פון קאַרמענס פאָטער: אז אינעם הויז, וואָס קאַרמענס טאַטע פאַר־מאָגט, וואוינט א מיידל, וואָס גייט שטענדיק אין א רויט קליידל; די טיר איז שטענדיק פאַרמאַכט, און אז עמיצער וויל אַריינגיין, מוז ער געבן א קוועטש א מעשן קנעפּעלע...

מאָטל האָט אָבער אזא מיעסן ליגן נישט געוואָלט גלויבן. ער האָט אויך נישט געגלויבט, אז זיין כלה זאָל האָבן אזא שרעקלעכע גע־וואוינהייט, ווי אַלע זונטיק נאָכמיטיק צו פאָרן מיט איר קוזין פּאַבלאָ אין א פאַרמאַכטן אויטאָ, ערגעץ דער רוח ווייסט וואו... ניין, ער האָט עס בשום אופן נישט געגלויבט, ווייל ווי קען דאָס מעגלעך זיין, אז זי זאָל האָבן געפאָרן, אז אָט אין דער זעלבער צייט פלעגט זי גאָר זיין צו גאַסט ביי איר חברטע העלענאַ, און צוזאַמען לייענען דעם „פּאַראַ־טי"?

אזוי האָט ער א פינף מאָנאַט צייט, אָן אויפהער, פאַרטיידיקט זיין כלה סעניאָריטאַ קאַרמען, און אויפן זעקסטן מאָנאַט האָט ער זי שוין

מער נישט געדארפט פארטיידיקן, ווייל זיי האָבן חתונה געהאט.

האָט ער אן איבערגליקלעכער אָפּגעלעבט א מאָנאט צייט, זיך וועגן גאָרנישט געזאָרגט, און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, זינט ער איז גע־וואָרן א דערוואקסענער מענטש, איז ער דרייסיק טעג כסדר געשלאָפן ביזן האלבן טאָג אריין...

אויפן איין און דרייסיקסטן טאָג האָט צו אזא פירונג דאָך געגומען א סוף. ער האָט זיך אויפגעהויבן גאָר פרי, זיך שנעל, אָבער זייער שטיל אָנגעטאָן, זיך אויסגעהיט נישט איבערצואוועקן זיין ווייב. דערנאָך, ווען ער האָט שוין געזאָלט אוועקגיין, האָט ער זיך פאמעלעך דערנענטערט צום בעט, זיך פאָרזיכטיק אָנגעבויגן און איר געגעבן זעקס שטילע קוש. איינעם אין די ליפּן און פינף אין די באקן, און מיט שטילע טריט זיך געלאָזט צו דער גאס.

ער איז אוועק צום שווער אין געשעפט. דער אלטער האָט אים פריינטלעך אויפגענומען, זיי האָבן זיך צעקושט, דערנאָך האָט דער שווער אים געקיצלט אונטער דער פאכווע, אים געלויבט, אז ער האָט אים ליב ווי אן אייגן קינד. מאָטל האָט אים געענטפערט, אז ער האָט אים נאָך ליבער ווי זיין אייגענעם טאטן, און געזאָגט, אז ער איז דער קליגסטער מענטש אין דער וועלט און דערפאר וויל ער מיט אים איבערריידן, וואָס ער זאָל זיך נעמען טאָן, ווייל עס איז נישט קיין פּלאן, אז דאָס געלט „זאָל פוילן אין דער באנק...״

דער אלטער האָט אים זייער ערנסט אויסגעהערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, אז ער איז גערעכט און צו אים אזוי געזאָגט:

— אזוי האָב איך טאקע ליב... נאָר אייל זיך נישט... אייל זיך נישט, מיין קינד...

מאָטל האָט געפאָלגט און זיך נישט געאיילט. אויף צומאָרגנס האָט אים דער שווער געשיקט רופן, באפוילן ער זאָל שוין קומען.

האָט ער זיך געלאָזט לויפן. געקומען צום שווער, האָט ער דאָרט געטראָפן ווארטן אן אומבאקאנט באהאָרט מענטשל, א נפשל מיט פּאר־זשמורעטע, קורצזיכטיקע אויגעלעך. דער שווער האָט זיי ביידן באקענט. מאָטלען איז וואָס אן אמת דער מענטש נישט געפעלן געוואָרן.

אָבער דערפאַר, איז ער דעם אַלטן געפעלן געוואָרן. ער האָט באַלד מאָט־לען אוועקגערופן אין אַ זייט און מיט אים איינגעטענהט:

— זאָלסט ווישן, אַז דאָס איז אַ מענטש, וואָס דו באַדאַרפסט, אַ גוטער פאַכמאַן איז ער, אַ בייטל־מאַכער, מיט אים זאָלסטו בשותפות מאַכן אַ פאַבריק, דו הערסט? — האָט ער אים געשטורכעט אין די זייטן.

ער האָט דעם שווער גאָרנישט געענטפערט, זיך דערנענטערט צום וואַרטנדיקן, און מיט אים פאַרפירט אַזאַ שמועס:

— איר האָט שוין געהאַט אַמאָל אַן אייגענע פאַבריק?

— ניין, איך האָב די גאַנצע צייט געאַרבעט ביי איין באַלעבאָס און גוט פאַרדינט.

— פאַרוואָס זשע האָט איר אויפגעהערט אַרבעטן?

— צוליב זיי, צוליב די אַרבעטער, מיר נישט געקענט פאַרגינען, וואָס איך פאַרדין אַ סך, מיך געצוואונגען צו אַרבעטן נישט מען ווי אַכט שעה, איך האָב זיך געמוזט פאַרשרייבן אין זייער פאַריין, אפילו געמוזט שטרייקן....

דאָס מענטשעלע האָט זיך שיר נישט צעוויינט. — יאָ, געמוזט זיך פאַרשרייבן... אָבער זיי אַליין האָבן מיך אַרויסגעוואָרפן... נישט גע־וואָלט שטרייקן.. כאַ־כאַ־כאַ — האָט זיך דאָס מענטשעלע צעלאַכט.

דאָס געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן. אקוראַט אין אַ יאָר אַרום האָט שוין מאָטל, וואָס האָט שוין געהייסן מאַנועל, פאַרמאָגט צוזאַמען מיט זיין שותּף אויף אַ רייכער אַריסטאָקראַטישער גאַס, אַ פאַרפּלאַנצטע מיט הויכע גרין באַבלעטערטע ביימער, — אַ שיין הויז מיט גרויסע קרישטאָ־לענע שויפענצטער צום גאַס. אינעווייניק איז אַלץ געווען מעבלירט פון בראַזיליענישׂ האָלץ און אַלץ אַרום, די ווענט, דער סופיט, די טאַפּעטן, האָבן זיך געשפּיגלט אין גרויסע שפּיגלען. אין די שפּיגלען האָבן זיך אויך אַרומגעדרייט די געשטאַלטן פון דאָן מאַנועלן און זיין שותּף. אויף די גלאַנציק־לוסטרירטע פּאַרלאָגעס האָבן פון צייט צו צייט געשוועבט די לייכטע טריט פון דאָניאַ קאַרמען, מאַנועלס ווייב.

דאָן מאַנועל האָט ליב געהאַט צו קוקן אויפן גלאַנציקן פּאָל. אַ פאַר־חלומטער זיצט ער און הערט זיך צו, ווי אונטערן פּאָל, אינעם גרויסן

פינצטערן קעלער, וואו אפילו בייטאָג ברענען עלעקטרישע לעמפּלעך, זיצן זיינע דרייסיק מענטשן, — מענער, יונגע מיידלעך, און אינגלעך, — זיצן געבויגענע איבער לאנגע טישן און ניי־מאשינען, און יאָגן זיך אָן אויפהער, באוועגן פלינק מיט די הענט און מאכן פון שטיקלעך לעדער און טעוועלעך וואונדערבארע, שיינע זאכן, און אָט די אלע זאכן געהערן צו אים...

דאָן מאנועל האָט פלוצלונג אויפגעהערט צו קוקן, מיטאמאָל האָט ער א צאפּל געטאָן, עפּעס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער הערט נישט און פילט נישט דאָס פארשטיקטע ציטערן פון די רווישנדיקע מאָטאָרן, אונטערן פאָל. — איז ער שנעל אראָפּגעלאָפן אין פאבריק־קעלער און זיך דערפרייט, וואָס ער האָט א טעות געהאט, ס'האָט גאָרנישט פאסירט, עפּעס אן עלעקטרישער קאָרעק האָט געפּלאצט. איז דער מאָטאָר שטיין געבליבן. נאָר אָט באלד וועט אלץ צוריק זיין אין בעסטער אָרדענונג.

דער שותף, וואָס איז דאָ שטענדיק אין פאבריק, האָט אים בארו־איקט. אָבער דאָך איז דערווייל די ארבעט פאראליזירט און די מענטשן זיצן אזעלכע פארשוויצטע, שטילשווייגנדיקע און וואגן נישט צו קוקן דאָן מאנועלן אין די אויגן, ווי עפּעס שולדיקע אין א גרויסן פארברעך.

באטראכט ער אזוי צום ערשטן מאָל דעם מאָטאָר, דערנאָך לאָזט ער זיך צווישן די טישן און באקוקט זיינע מענטשן. דערנאָך קוקט ער אויפן באשריבענעם טאָוול, וואָס הענגט אנטקעגן דעם אריינגאנג, אויף וועלכן עס איז מיט גרויסע בוכשטאבן אָנגעשריבן אז ס'איז פארבאָטן צו רויכערן, און עס פארדריסט אים, פארוואָס ער האָט נישט מיטגענומען א ציגאר, כדי צו פארויכערן.

דער מאָטאָר האָט זיך פלוצלונג צעקרעקט ווי א הינטל, וואָס האָט אראָפּגעשלונגען א ביינדל.

מאָמענטאל איז געוואָרן א שרעקלעכער רעש, אלץ האָט מיטאמאָל אויפגעלעבט און גענומען אויפסניי זיך באוועגן.

איז ער נאָך שטיין געבליבן א ווייל, געקוקט א צופרידענער, ווי די מענטשן ארבעטן, און געגעבן אזא שטילן זיפץ, וואָס ווערט פארשלונגען אין גערויש. ער דערמאָנט זיך פלוצלונג, וואָס פארא צרות ער איז

אויסגעשטאנען די ערשטע צייטן פון זיינע מענטשן, ווי זיי פלעגן אים ווען אפנארן, געקוקט אויפן זייגער... ער האט א שטיקל צייט געשוויגן, דערנאך, ווען ער האט זיך באראטן מיטן שותף, זיינען זיי צוגעגאנגען צום ערשטן מענטשן, עפעס א יונג מיט א גרויסער טשופרינע און פינק־לענדיקע אויגן, האט ער צו אים אזוי אויסגעשריגן:

— יונגערמאן, קענסט מיר נישט זאגן, וואס די טוסט איצט, א?!

יענער האט אפגעענטפערט:

— איך ארבעט.

—דאס הייסט נישט געארבעט — האט ער געקלאפט מיטן פויסט אין טיש — דאס הייסט זיך געקראצט! פארשטאנען?

און נישט ווארטנדיק אויף קיין ענטפער, איז ער צו צו א צווייטן און נאך ווילדער געשריגן:

— און דו? וואס טוסטו?

— וואס זאל איך טאן? — האט זיך יענער געקארטשעט פאר שרעק.

— ס'זאלט מיר אלע קריגן דאס קדחת מיטן פיבער! אט וואס איך איך היים אייך טאן! — האט ער זיך פארהוסט.

האט אים דער שותף פארטראטן:

— דא קראצט מען זיך נישט! אומזיסט גיבן מיר נישט קיין געלט! ר'ווילט געלט, מוזט איר ארבעטן... ארבעטן מיט די זייטן, און מיטן הארץ זאלט איר! געלט ווילט איר? פארט קיין בראזיל, וועט איר האבן א סך געלט... אין אייערע חזירישע מאמעס... — און ער האט ווילד גע־פאכעט מיט די קליינע הענטלעך.

מאנועל האט ווייטער גערעדט: — איר קענט מיך שוין, די זעלבע מינוט, אלע גיין אין דער ערד אריין, אויף כפרות דארף איך אייך צו האבן! יחסנים זענט איר?! עס פעלן מענטשן? מענטשן זיינען דא ווי די הינט!

אזעלכע צרות האט מאנועל געהאט די ערשטע צייטן. אבער איצט האט שוין צו דעם אלעם גענומען א סוף. עס איז זיי געלונגען צו קריגן אזעלכע מענטשן, וואס זיי באדארפן, שטילע מענטשן, וואס ארבעטן

געטריי וויפיל מען באדארף, און עס גייט זיי נישט אָן וויפיל די באַלע־באטים פארדינען...

מילא, אז זיי זיינען שוין יאָ געטריי, האָט ער זיי געוויזן, אז ער איז נישט קיין חזיר. ער האָט יעדן פון זיי געשענקט א גרוים שניי־ווייס נאָזטיכל, געמאכט פון די ערשטקלאסיקע לייוונט „מארקא טאָראָ", וואָס קומט זיי שטארק צוניץ אויף אָפּצואווישן דעם שוויים, און אז דאָן מאַ־נועל גייט אָפּטמאָל אראָפּ אין פאבריק און זעט ווי זיינע מענטשן ווישן זיך מיט זיינע נאָזטיכלעך די פארשוויצטע שטערנס, דערפילט ער זיך דעמאָלט זייער גוט.

זיינען זיך טעג און חדשים אוועק, און איינמאָל האָט פאסירט אן אומגליק...

ווען מאנועל און דער שותף האָבן געטרונקען א ווערמוט, האָט יע־נער אים דערציילט, אז ער הויבט עפּעס אָן צו באמערקן א פאסקודנע זאך: עפּעס זעט ער נישט, אז די מענטשן זאָלן שוויצן ווי עס באדארף צו זיין, זיי באנוצן שוין נישט די נאָזטיכלעך, וואָס מען האָט זיי גע־שענקט, און אויך קומען זיי שוין נישט צו דער ארבעט פונקט ווי אמאָל, איינציקווייז, נאָר קומען מיטאמאָל, און גייען אוועק מיטאמאָל, און שטעלן אָפּ די ארבעט ווען זיי ווילן, ווארטן שוין נישט, אז ער זאָל זיי זאָגן, אז ס'איז שוין גענוג אויף היינט, און פינקטלעך צו דער מינוט שטעלן זיי אָפּ דעם מאָטאָר.

דאָן מאנועל איז געוואָרן פארציטערט, נישט געוואָלט גלויבן וואָס מען דערציילט אים, נאָר אז דער שותף האָט זיך געשוואוירן ביי זיין ווייב און זיינע קינדער, האָט זיך שוין דאָן מאנועל געלאָזט לויפן אין קעלער אריין, וואָס אונטער די גלאנציקע פּאָלן.

ווי א צערייצטע, ווילדע חיה, איז ער שטיין געבליבן אין קעלער און באלד באמערקט, ווי זיינע מענטשן קוקן אויף אים מיט אזעלכע משונהדיקע אויגן, האָט זיך אים טאקע אויסגעוויזן, אז ער זעט די אויגן צום ערשטן מאָל, אָדער ער האָט זיי שוין אמאָל ווען געזען אין א וויסטן, פינצטערן חלום. איז ער געבליבן ווי פארשטארט. נאָר באלד איז ער צו זיך געקומען, דערפילט, ווי דער שותף שטייט הינטער זיינע פּלייצעס,

האָט ער צוריק באַקומען דעם זעלבן מוט, וואָס אַלעמאָל אין אַזעלכע פאַלן, און ער האָט צו זיי אַזוי געשריגן:

— הורנזינס, ביי מיר אין שטוב וועט איר זיך בונטעווען?! אַז גע־שוואָלן זאָלט איר ווערן! מתנות וועל איך געבן!... איר דאַנקט נישט גאָט, אַז איר אַרבעט?... טאָ גייט אייך פון מיין שטוב און ברעכט הענט און פיס! — און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

האָבן די דאָזיקע ווערטער געמאַכט אויף די מענטשן פונקט אַ פאַר־קערטן איינדרוק, זייערע מאַטע פּנימער האָבן זיך מיטאַמאָל צעצונדן ווי אַ נישט געזעענער פלאַם וואָלט זיי צעגליט — האָבן זיך אַלע, ווי דורך אַ באַפעל פון אַ נישט באַמערקטן קאָמאַנדיר, זיך אויפגעהויבן פון די ערטער, און עפּעס אַ דין שטימעלע פון אַ אינגל, האָט אים, מאַנועלן, אַ סטראַשע געטאָן:

— פאַרמאַך דעם פּיסק, חזיר!

און אַ צווייט קול האָט באַפוילן:

— קומט, חברים!

און באַלד האָט נאָך עמיצער אַ ברום געטאָן:

— אַ טויט זיי אין די קישקעס, — אין די אָנגעפּרעסענע בייכלעך...

און ווידער האָט אַ רואיק קול דערמאָנט:

— חברים! אַלע ווי איינער, שוין אין פאַריין אַריין!

— זאָל לעבן דער שטרייק! — האָבן די אינגערע אינגלעך געשריגן האָפערדיקע.

עטלעכע מיידלעך האָבן אָנגעהויבן צו זינגען אַן אַרבעטער־ליד. די עלטערע אַרבעטער האָבן אונטערגעכאַפּט דאָס געזאַנג, אָבער אויסגע־וויזן האָט זיך, אַז מען כאָרכלט גאָר און מען בייסט זיך די גאָרגלען. נאָר באַלד האָט עס זיך אויסגעלייטערט, ווייל די מאָטאָרן האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

דאָן מאַנועל מיט זיין שותּף האָבן נישט געקענט פאַרנעמען דאָס דאָזיקע געזאַנג, האָבן זיי דאָס געוואָלט פאַרטויבן, האָבן זיי, האַלטנדיק זיך נאָענט איינער נעבן אַנדערן, אָנגעהויבן צו שרייען:

— פּאָליציי... פּאָליציי... פּאָליציי...

דאַן מאַנועלן מיטן שותּף האָט גענומען שווינדלען אין די אויגן, האָבן זיי אויפגעהערט צו שרייען, און זיך גענומען שיצן מיט די עלנ־בויגנס קעגן אַזעלכע ווייכע זאַכן, וואָס האָבן זיי גענומען פליען אין די פּנימער. דערנאָך איז פּלוצלונג שטיל געוואָרן ווי אין א קבר.

דאַן מאַנועל האָט פאַרזיכטיק געעפנט די אויגן, דערמוטנערט מיט א שטויס זיין פאַרבליפטן שותּף, און זיי האָבן בלאַס־געוואָרענע זיך גע־נומען ארומקוקן.

אינעם קעלער איז שוין געווען פּוסט. אַלץ איז געווען צעוואָרפן אין א שרעקלעכער אומאָרדענונג, און פון אַלץ און אַלעמען האָט געווייעט מיט פאַרגליווערטער טויטקייט. ער האָט פּלוצלונג דערזען אויף דעם שוואַרצן שטיינערנעם פּאָל ליגן אָנגעוואָרפענע אין א קופּע, ווי ווייסע דערשטיקט טויבן, אַלע דרייסיק נאָזטיכלעך, וואָס ער האָט געשענקט זיינע מענטשן. האָט ער זיי מיטן פוס א קאָפּע געטאָן, האָבן זיך עט־לעכע טיכלעך געגעבן א הויב אין דער לופטן, און באַלד צוריקגעפאַלן צו דער ערד.

קוקט ער אַזוי אויף די דאָזיקע נאָזטיכלעך, חלומט זיך אים וואַכנדי־קערהייט, ווייזט זיך דאַן מאַנועלן אויס, אז ער זעט ווי עפּעס עמיצענס א פעסטע בראָנדזענע האַנט קלייבט צונויף די טיכלעך, און מיט אזא שרעקלעכער שנעלקייט פלעכט ער זיי צונויף אין א לאַנגן ווייסן שטריק, און דערנאָך פאַרוויקלט ער דעם שטריק אַרום זיין, מאַנועלס האַלדז און איבערן האַלדז פון זיין קאַרמען, שותּף, שווער און נאָך א סך מענטשן, דערנאָך פאַרציט ער פעסט די שטריק, גיט זי א מעכטיקן הויב, און אַלע בלייבן זיי דערשטיקטע הענגען אין דער לופט — אין דער לופט אויף א שטריק... געמאַכט פון דרייסיק נאָזטיכלעך...

נאָר דער שותּף קומט גיך צו זיך, טרייסט ער דאַן מאַנועלן:

— מאַכט זיך נישט קיין בייז בלוט, נעמט זיך נישט צום האַרצן. מען קריגט אַנדערע אַרבעטער, ס׳זיינען דאָ מענטשן ווי די הינט... ווי הינט...

# די ביקס

אינעם אויבערשטן צימערל האָט א לאנגע צייט געוואוינט א הויכע דארע מויד. זי האָט שטענדיק געהוסט דורך די נעכט. זי האָט גע־קרעכצט און די איבעריקע שכנים פונעם הויז האָבן זיך א סך מאָל איבערגעוועקט, זיך איינגעהערט ווי די מויד הוסט און כראקעט, האָבן זיי אָפגעזיפצט, זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט און גע־טראכט:

— א רחמנות אויף דעם מיידל, א קראנקע נעבעך... וועט אזוי אויס־גיין ווי א ליכט... א רחמנות...

דאָס מיידל האָט לאנג געהוסט אין איר צימערל. אין א טריבן פרי־מאָרגן האָט זי פארפאקט אירע זאכן. דערנאָך איז זי אריין צו דער באַ־לעבאָסטע אין קיך, באצאָלט פאר א פאָר טעג דירה־געלט און געזאָגט:

— שוין, איר וועט שוין מיינע פטור...

די באלעבאָסטע האָט זיך דערשראָקן:

— וואָס איז?

— איך האָב היינט חתונה.

די באלעבאָסטע האָט זיך מאָמענטאל פאראנדערשט. זי האָט זיך שטארק דערפרייט, אירע באקן האָבן זיך פארוויטלט און זי האָט אָנגע־הויבן ווינטשן:

— זאָל אייך זיין מיט גליק, זאָל אייך זיין מיט מזל, זאָל אייך זיין מיט....

נאָך דעם האָט זיך די מויד געזעגנט. זי איז צום לעצטן מאָל אראָפּ איבער די געדרייטע טרעפלעך פונעם צימערל. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט

אין מיטן וועג, צוריק ארויפגעקוקט, ווי זי וואָלט געטראַכט צי זי האָט נישט עפּעס פאַרגעסן. דערנאָך איז זי אוועק. די באַלעבאָסטע האָט איר נאָכגעקוקט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און באַדויערט:

— א וואויל מיידל... א טייער קינד... מען האָט גאָרנישט געוואוסט צי עס איז פאַראַן א מענטש אין שטוב, א שטילע טויב...

דעם זעלבן אָוונט האָט די סעניאָרא אריינגעגעבן „אין בלאַט", אַז עס „פאַרדינגט זיך א שיין, לופטיק צימערל".

זיינען א סך מענטשן געקומען, נאָר קיינער האָט נישט געדונגען. איז אוועק א וואָך און דאָס צימערל האָט געפּוסטעוועט, דערנאָך איז אוועק א חודש און דאָס צימערל איז נאָך אַלץ געשטאַנען אומבאַוואוינט, מיט אַן אויפגעפּראַלטער טיר. די באַלעבאָסטע האָט זיך שוין אַמאָל בייגאַכט באַקלאָגט פאַר איר מאַן:

— צייט דאָס מיידל האָט זיך ארויסגעצויגן איז שוין אוועק א שטיק צייט, און דאָס צימערל קען איך אַלץ נישט פאַרדינגען. עפּעס אַזא שלימזלדיקע מויד האָב איך נאָך נישט געזען. ווער קען דאָס זיין דער נאַר, וואָס האָט מיט איר חתונה געהאַט, האַ?

דער מאַן איז געווען מיד און ער האָט קוים געענטפערט. אויף צו־מאָרגנס איז געקומען א יונגערמאַן, ער האָט באַקוקט דאָס צימערל. דער־נאָך האָט ער ארויסגענומען א געלט־באַנקנאָט, געגעבן דער באַלעבאָסטע און געזאָגט:

— שפּעטער וועל איך זיך אריינציען.

שפּעט בייגאַכט האָט שוין אין צימערל געלויכטן דער עלעקטרישער לאָמפּ. דער נייער שכן איז געזעסן און געשריבן און די באַלעבאָסטע איז געלעגן ביי זיך אין בעט און געוואָרטשעט:

— א מענטש זאָל זיך לייגן שלאָפן אַזוי שפּעט...

— ווער האָט געזאָלט וויסן?

אויף צומאָרגנס איז דער שכן אויפגעשטאַנען שפּעט. ער איז דורכ־געגאַנגען דאָס הייפל און ער האָט קיינעם נישט באַגריסט. די באַלעבאָס־טע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דער אמתער פּריץ האָט זיך אריינגעצויגן אין מיין הויף...

אין דער צווייטער נאכט האָט דער שכן ווייטער געהאלטן אָנגע־צונדן דעם עלעקטרישן לאָמפּ ביז פארטאָג. די באַלעבאָסטע האָט צו זיך אליין גערעדט מיט א הויך קול:

— וואָס קען א מענטש טאָן אזוי שפּעט ביינאכט? איך וואָלט גע־וועזן א בעלן צו וויסן.

וואָלט זי ארייננעקוקט צו איר שכן אין צימער, וואָלט זי געזען ווי איר שכן שרייבט א לאנגן בריוו, און וואָלט זי איבערגעלייענט די בלעט־לעך, וואָלט זי זיך דערוואוסט אָט וואָס:

„אז ער לעבט אין א לאנד, וואו דאָס לעבן גייט ארום עפּעס ווי פאר־שלאָפן. א מענטש, וואָס קומט פון יענער זייט ים, קען נישט מער ווי לע־בן מיט די דערינערונגען פון יענעם לעבן, וואָס דערווארעמט דאָס גע־מיט און לאָזט ניט פארטעמפּ ווערן”...

„אָט האָט ער זיך גאָר אזוי מיטאמאָל דערמאָנט די צייטן ווען ער איז געווען א זעלנער, עפּעס האָט ער זיך אין דער צייט ווען ער האָט געטראָגן דעם זעלנערשן מונדיר געפילט שטארק אומגליקלעך. אָבער היינט קוקט ער צוריק צו יענע צייטן און שמייכלט: עפּעס איז דעמאָלט אלץ געוועזן אזוי אינטערעסאנט. אינעם לעבן האָבן זיך געפונען מינו־טן וואָס זיינען געוועזן איינגעטונקען אין שטארקער פרייד... אך!

„אָט דערמאָנט ער זיך, אז אין דער צייט פון דער מלחמה האָט מען אים געשיקט צוזאמען מיט נאָך א סאָלדאט, זיי זאָלן פון א בעקעריי וואָס האָט זיך געפונען הינטערן שטאָט, ברענגען א וואָגן מיט ברויט; עס איז געווען א הייסער זומער־טאָג. די פעלדער אויסער דער שטאָט האָ־בן זיך געשפּרייט פוסטע און פארגעלטע, די לופט האָט זיך געשטיקט מיט היץ. נאָר ער און דער סאָלדאט האָבן שנעל געטריבן דאָס פערד, זיי האָבן שוין וואָס שנעלער געוואָלט זיין אין דער בעקעריי און ברענגען דאָס ברויט. זיי האָבן פון פריער שוין געפילט דעם ריח פון ברויט. זיי האָבן אים איינגעשלונגען און דאָך האָט זיי וואָס אמאָל אלץ שטארקער געהונגערט...

„ענדלעך זיינען זיי אָנגעקומען אין דער בעקעריי. זיי האָבן גע־דארפט צוואווארטן און זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט אויף א גרויסן קלאָץ,

וואָס איז געלעגן אויפן הויף. א הונט האָט זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגן זיי און אָנגעהויבן צו בילן. דער הונט איז געווען שרעקלעך אויסגעדאַרט, מיט גליענדיקע אויגן. ער האָט אָן אויפהער געבילט, אָט ווי ער וואָלט זיך געבייזערט אויף די מענטשן, וואָס קומען צונעמען זיין ברויט. די סאָל־דאַטן האָבן אים אפילו נישט פּרובירט אוועקטרייבן, זיי האָבן געדרעמלט הונגעריקע, זיי האָבן געחלומט וועגן ברויט...

„מיטאמאָל איז אָנגעקומען דער בעקער. ער איז געווען אינגאנצן א ווייסער פון מעל. ער איז געווען א קליין געוויקסיקער און דארער, ער האָט ארויפגעלייגט די האנט דעם ערשטן סאָלדאט אויף דער פּלייצע און געפרעגט:

— סאָלדאַט, ווילסט פארדינען א ברויט?

— „יאָ! — האָבן זיך ביידע אָנגערופן מיטאמאָל.

—„ גוט, הרגעט מיר אוועק דעם הונט — האָט ער געטייטלט אויפן בילנדיקן הונט.

„ביידע סאָלדאטן האָבן זיך איבערגעקוקט. דערנאָך האָבן זיי גע־קוקט אויפן הונט, וואָס האָט נאָך אַלץ געבורטשעט, און זיי האָבן גע־צוינגן מיט די אקסלען.

„דער באַלעבאָס האָט זיך אויסגעשנייצט די נאָז און דערציילט:

„שוין עטלעכע וואָכן ווי דער הונט האָט געכאפּט א פארבלאָנדזשע־טע קויל אין הינטן אריין. פון דעמאָלט אָן לאָזט ער קיינעם נישט צורו. שיסט אים אוועק און איר וועט קריגן א ברויטל!

„ביידע סאָלדאטן האָבן געהאט איין ביקס. דער פערד־אָנטרייבער האָט קיין ביקס נישט געהאט.

„איך האָב געדארפט אוועקפּטרן דעם הונט, איך, וואָס בין נאָך ביז דעמאָלט אויפן פראָנט נישט געווען און קיין בלוט פון לעבעדיקע וועזנס האָבן איך קיינמאָל נישט געהאט פארגאָסן, האָב אָנגעהויבן ציטערן; עס האָט מיר געקלאפּט א צאָן אָן א צאָן, אָבער דער ריח פונעם ברויט האָט מיך געשטארקט. איך האָב אָנגעלאָדן די ביקס. אויפן הויף האָבן זיך אָנ־געהויבן פארזאמלען א סך מענטשן: דעם בעקערס עטלעכע קינדער, צוויי דינסטן און עטלעכע בעקער־יונגען.

„איך האָב אָנגעהויבן צילן אינעם הונט. דער בעקער האָט פון דער־ווייטנס אָנגעשריגן אויפן הונט ער זאָל זיך אוועקלייגן און דער הונט האָט געפאָלגט. ר'האָט זיך איינגעקאָרטשעט, באהאלטן דעם עק צווישן די פיס און געקוקט אויף מיר מיט עפעס א רחמנות־בעטנדיקן בליק.

„איך האָב לאנג געצילט. די הענט האָבן מיר געציטערט און עס האָט מיר געשווינדלט פאר די אויגן. מיטאמאָל האָב איך א צי געטאָן דאָס צינגל פון דער ביקס. עס האָט א קנאַל געטאָן. עמיצער האָט א קוויטש געטאָן און דער הונט האָט זיך געגעבן א ריס פון דער ערד, א שפרונג געטאָן און זיך געלאָזט לויפן בליץ שנעל צו א פארקנדל, ארי־בערגעשפרונגען און פארשוואונדן געוואָרן מיט א געוואָיעריי. איך בין געבליבן שטיין א צעווייקטער פון שוויים. ארום מיר האָט מען געלאכט און געשפעט פון מיר:

— „אָט האָסטו דיר א פוילישן זעלנער...

— „פשיא קרעוו!

— „צעקראָכענער זעלנער!

— „פוי, — האָט עמיצער אויסגעשפיגן.

„אָבער מיך האָט גאָרנישט פארדראָסן. איך האָב זיך נישט געפילט פארשעמט. ס'האָט מיר שטארק הנאה געטאָן, וואָס דער הונט איז גע־בליבן לעבן. עס האָט מיך שוין נישט געהונגערט, נאָר בלויז דאָס הארץ האָט מיר אָנגעהויבן שטארק צו קלאפן, אָט, ווי איך וואָלט איבערגע־לעבט א שטארקע פרייד.

„פון דעמאָלט זיינען שוין אוועק א סך יאָרן; הײַנט בין איך זאט אָן דעם איך זאָל דארפן שיסן אין א הונט, אָבער דאָס הארץ קלאפט ביי מיר קיינמאָל נישט פון פרייד..."

אָט אזוי האָבן דערציילט די אָנגעשריבענע בלעטער ביים שכן אויפן טישל, נאָר עס האָט זיי קיינער נישט איבערגעלייענט.

אויף דער דריטער נאכט האָט זיך שוין די באלעבאָסטע נישט גע־דארפט ערגערן, וואָס דער שכן ברענט צופיל ליכט. ער איז אינגאנצן נישט אהיימגעקומען, נאָר מיטיקצייט איז געקומען א פּאָליציימאן און געפרעגט:

— דאָ וואוינט דער און דער?
— יאָ!
— צי איז ער אן ערלעכער מענטש?
די באַלעבאָסטע האָט ארויסגערופן איר מאַן, וואָס האָט געהאַט געכאפּט א דרימל. ער האָט זיך אויסגעגענעצט און געזאָגט:
— וואָס קענען מיר וויסן צי דער מענטש איז אן אָרנטלעכער? ער וואוינט ערשט דאָ א פּאָר טעג.
דער פּאָליציימאַן האָט באמערקט:
— מען איז חושד, אז ער זאָל זיין אן עקסטרעמיסט. מען דאַרף זיך זייער היטן מיט אזעלכע מענטשן!... — און ער איז אוועק.
אזוי איז אוועק א וואָך און צוויי וואָכן און דאָס צימערל האָט גע־פּוסטעוועט. אויף דער דריטער וואָך האָט זיך דער שכן צוריק באוויזן. ער איז געווען באוואקסן, בלאַס און אויסגעמאטערט. ער האָט אויסגעזען ווי א מענטש, וואָס איז נאָר וואָס אויפגעשטאנען פון א שווערער קרענק.
די באַלעבאָסטע האָט אים באגעגנט מיט א בייז פּנים. זי האָט גע־זאָגט:
— מען האָט זיך אויף אייך געפרעגט...
— ווער?
— די פּאָליציי....
— וואָס זשע האָט איר געזאָגט — האָט ער עפּעס אזא פארביסע־נעם שמייכל געטאָן.
— מיר ווייסן נישט... מיר, האָב איך געזאָגט... — זי האָט אראָפּ־געלאָזט די אויגן.
ביים שכן אין די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן צוויי שאַרפע פייער־לעך, ער האָט גאָרנישט געענטפערט. ער איז אריין צו זיך אין צימערל. ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש, גענומען די פעדער אין האנט און אָנגעשריבן:
„היינט וואָלט איך שוין געשאָסן דעם הונט. איך וואָלט שוין נישט געציטערט ווען איך וואָלט געצילט. איך וואָלט שוין זיכער געטראָפן אין ציל, און וואָלט איך נישט געטראָפן, וואָלט איך מיך געשעמט און איך וואָלט געוועזן זייער טרויעריק...

„אך, וואו נעמט מען א ביקס?! די שענצטע זאך, וואָס איז פאראן אויף דער וועלט, איז א ביקס..."

שפּעט ביינאכט איז אין צימערל געוואָרן פינצטער. עס איז געוואָרן שטיל. נאָר באלד איז די שטילקייט געשטערט געוואָרן, דער שכן האָט אנגעהויבן צו הוסטן נאָך ערגער ווי די מויד, וואָס האָט אמאָל געוואוינט אין צימערל. די באלעבאָסטע האָט זיך איבערגעוועקט, זי האָט געשטויסן איר מאן און געפרעגט?

— הערסט, הערסט, ווי ער הוסט?

— אוודאי, מען האָט אים דאָרט זיכער אָפּגעהאקט די לונגען... באַהיט זאָל מען וועָרן, אז מען פאלט אריין צו זיי אין די הענט!

דאָס ווייב האָט זיך א טרייסל געטאָן:

— גוט אזוי, זאָל ער זיך נישט מישן אין דעם וואָס איז נישט זיין עסק... גוט אזוי!...

דער שכן האָט זיך ווייטער צעהוסט. ער האָט געשפּיגן, געקייכט, געשאָסן מיט די לונגען אין דער פינצטערניש ווי מיט א ביקס...

# דער טאַטע האָט זיך פאַרליבט

פונקט אין זעכצן יאָר ארום, פון דעם טאָג, וואָס דער טאטע מיט דער מאמע, האָבן אין ציוויל־רעגיסטער אונטערגעשריבן א פאַ־פיר, אז זיי וועלן זיך שטענדיק „קעגנזייטיק רעספעקטירן" און „אייביק וואוינען אונטער איין דאך", אזוי האָבן זיי זיך געשוואוירן און קיינעם האָט גאָרנישט געקענט איינפאלן, אז ערשט אין זעכצן יאָר ארום, וועט דער טאטע ברעכן זיין שבועה, און אנטלויפן מיט א שוואר־צער שיקסע...

עטלעכע טעג נאָך דער פאסירונג האָט זיך די מאמע אין ערגעץ נישט געוויזן, געלעגן אָן אויסגעטוענע אין בעט און אָן אויפהער אזוי שרעקלעך שווייגנדיק געקוקט צום סופיט, נישט געוואָלט הערן די טרייסט־ווערטער פון איר עלצטן און איינציקן זון כאימע, אז זי זאָל ארויסגיין פונעם בעט, אז ער פילט אז דער טאטע וועט נאָך צוריקומען. דערווייל וועט ער נישט גיין אין שול. ער וועט העלפן אין געשעפט, זען מען זאָל נישט באגנבענען...

די מאמע האָט זיך נישט געמאכט הערנדיק, נאָר אז זי האָט געזען, אז ער ווערט נישט מיד, און וויל זיך בשום אופן נישט אָפטשעפן, האָט זי זיך צעשריגן:

— גיי אוועק... לאָז מיך אָפ... שווייג!

נאָר ער האָט נישט געפאָלגט, א פארעקשנטער זיך נישט גערירט פונעם אָרט.

— ניין, טו זיך אָן! קום לאָמיר גיין אין מערקאדא, ס'איז נאָך פרי

און מען קען נאָך פאַרדינען... איך וועל דיר העלפן אַרויסטראָגן די קוישן.

ווערט די מאַמע נערוועאיש און זי צעשרייט זיך מיט געוויין:

— לאָז שלאָפן... לאָז שלאָפן דיין מאַמע... וואָס ווילסטו? איך וועל דיך דערהרגענען!

כאַימע האָט געזען, אַז ער וועט מיט דער מאַמען גאָרנישט מאַכן, האָט ער זיך אָבער דערמאָנט ווי אַזוי זי באַגייט זיך מיט אים אין אַזאַ פאַל, כאַפּט ער אָן דאָס ווענטל פון בעט, שאָקלט דאָס מיט אַלע כוחות:

— —אַז דו וועסט נישט אַרויסגיין, וועל איך דיך אַרויסוואַרפן... איך שווער דיר!

אויף דעם האָט זיך די מאַמע נישט געריכט. זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, און אפשר פאַר רחמנות צו זיך אַליין האָט זי זיך גענומען אָנטאָן.

און אַזוי איז אַוועק אַ צייט. כאַימע האָט אויפגעהערט צו גיין אין שול. ער האָט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט פאַרטראָטן זיין טאַטן, געשלעפּט אַלע פאַרטאָג די קוישן מיט די היטלען אויף יענער זייט גאַס, צום מאַרק, מיטיקצייט זיי צוריקגעטראָגן אין שטוב, און אַלע מינוט גע־פרעגט דער מאַמען, אָט ווי ער וואָלט געווען דער טאַטע:

— ברענגען דיר עפּעס צום טרינקען?

נאָר די מאַמע פלעגט נישט הערן. זי איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן פאַרקויף, געשטופּט אַ פאַרברענטן גאַוטש דעם אַלטפרענקישן שפּיגל אין דער האַנט און איינגערעדט בגוואַלד:

— אָבער מאַן! דו ווייסט דאָך אַליין נישט ווי גוט דאָס קליידט דיר, ניין, ביזט נישט קיין מבין... און זי ווערט אויפן קונד אַ ביסעלע ברוגז...

כאַימע קוקט זיך צו מיט אַ שמייכל. ער ווייסט, אַז עס איז זעלטן דאָ אַ מאַן, וואָס זאָל קענען אויסהאַלטן זיין מאַמעס בליק און נישט שמייכלען, ווען זיין מאַמע שמייכלט. אָט־אָ דער שמייכל, האָט טאַקע גורם געווען, אַז זי זאָל זיך רעכענען פאַר דער בעסטער פאַרקויפערן פונעם מאַרק. דערפאַר האָבן איר אפשר אַלע איבעריקע סוחרים פיינט געהאַט. נאָר איצט, פאַרטרעטנדיק זיין פאָטער, האָט ער זיך דער־

וואוסט די סיבה, און מאָמענטנווייז, פלעגט אים אזא אייפערזיכטיקער ציטער געבן א ברי און אים שטארק צערויטלען...

די מאמע האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך. וועגן טאטן האָט זי מער נישט דערמאָנט, אדרבא, אין די פארנאכטן פלעגט זי ווערן מכלומרשט פריילעכער, זיך אָנטאָן די שענסטע קליידער, אפילו אָנפּודערן דאָס פּנים, צורעכט מאכן מיט א גרימאסע ביים זון דעם קראוואט, דינגען אן אויטאָ און אוועקפאָרן אין „סארמיענטאָ פּארק" אָדער אין קינאָ.

אָבער בארײדעוודיק איז נאָך די מאמע אַלץ נישט געוואָרן; שטענדיק פלעגט זי שווייגן, קוקן ערגעץ מיט פארחלומטע אויגן, און בעסטן פאַל פלעגט זי א טרויעריקן שמייכל טאָן.

כאימען פלעגט דער מאמעס שווייגן פארשאפן פיל צער. בגנבה פלעגט ער אָפּהיטן די מאמע, האָבן אומרואיקע נעכט. איינמאָל האָט זיך אים אפילו געחלומט, אז די מאמע איז באגאנגען זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך אויפגעכאפּט מיט א קוויטש, געבליבן זיצן א צעטומלטער אין דער פינצטערניש, דערנאָך איז ער אראָפּ פון בעט, זיך דערנענטערט צום בעט וואו די מאמע שלאָפן. זי איז געלעגן כמעט אינגאנצן אָן אָפּגעדעקטע, נאָר דאָס פּנים איז געווען פארדעקט מיט די אייגענע האָר. זי האָט זײער לייכט געאָטעמט, נאָר אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז זי אָטעמט נישט.

דערנאָך איז ער שוין א גאנצע נאכט נישט געשלאָפן, געטראכט וועגן טאטן, וואָס האָט פארשעמט זיין מאמע, און אין זיך, אים געשאָלטן אָן אויפהער, אָבער באלד האָט ער צו אים דערפילט א גרויס רחמנות, זיך דערמאָנט, אז דער טאטע איז זיך מיט אים גוט באגאנגען, אים געגעבן קעשענע־געלט אז די מאמע זאָל נישט וויסן. אים מיטגענומען אומעטום... ניין, ער האָט געוואוסט, אז ער טוט שלעכט וואָס ער איז בייז אויפן פאָטער; מסתמא האָט עפּעס פּאסירט. אפשר איז גאָר די מאמע שולדיק?

עס קען זיין, אז ווען ער וואָלט נאָך ווייטער געטראכט, וואָלט ער אפשר דערגאנגען דעם אמת, נאָר א שרעקלעכע מידקייט איז אים באַפאלן, און אויף צומאָרגנס, ווען די מאמע האָט אים אויפגעוועקט, האָט

זי אים באמערקט אזא פארענדערטן און בלאסן, אָבער זי האָט זיך גע־מאכט נישט ווויסנדיק און אים געזאָגט מיט א געבייזער:

— שוין, הויבסט שוין אָן ארייינצוגעראָטן אינעם טאטן?... ארויס פון בעט, דו פוילער הונט!...

ער האָט זיך מאָמענטאל אויסגעניכטערט, א כעס האָט זיך אין אים צעברענט:

— דער טאטע איז נישט געווען קיין פוילער! — האָבן ביי אים די נאָזלעכער אָנגעהויבן ציטערן.

— נאָך ערגער! — האָבן זיך דער מאמעס אויגן צעגליט.

— ס'איז נישט אמת!

— ס'איז יאָ אמת! און דו ביסט נישט בעסער פאר אים...

די מאמע האָט אָנגעהויבן כליפּען. כאימע האָט שוין איצט אינ־סטינקטיוו געפילט, אז דאָס בעסטע וואָס ער דארף טאָן איז שווייגן, און ער האָט טאקע געשוויגן.

אָבער די מאמע האָט שוין נישט געשוויגן. זי האָט זיך שנעל צע־רעדט, גערעדט הויך, זשעסטיקולירנדיק מיט די הענט, גערעדט צו איר קינד מיט א טאָן פון א באשולדיקער, פאר עפּעס א מעכטיקן ריכטער. זי האָט דערציילט אלץ, וואָס זי האָט אמאָל יאָ געטאָן, אָדער געהאט בדעה צו טאָן, אויסגערעכנט וויפיל צערטלעכקייט זי האָט איר מאן געשאָנקען, באוויזן, אז אלץ וואָס זיי האָבן פארמאָגט, האָט זי דאָס באשאפן, אויס־געארבעט מיט די אייגענע הענט, און אויב ער איז אוועק און מיט־גענומען כמעט א העלפט פונעם געלט און דאָס האָט ער אוודאי נישט געדארפט טאָן. אנדערע מענער מעגן אפשר, אָבער ער האָט נישט גע־טאָרט!

כאימע האָט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט, געוואוסט, אז די מאמע איז גערעכט, זיך געשעמט איר צו קוקן אין די אויגן אריין. זי האָט אים אָנגעהויבן טרייסלען און שרייען:

— בין איך גערעכט אָדער נישט?

כאימע האָט שוין געוואָלט ענטפערן אז יאָ, ד. ה. די מאמע איז

גערעכט, נאָר באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אינעם פאָטער, זיך דערמאָנט, אז אמאָל האָט ער אים עפּעס דערציילט, געוואָלט דערוויזן, אז קיינער אויף דער וועלט איז נישט גערעכט און אז עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס לעבן מיט פרעמדע נשמות. פאַרשטייען נישט זיך אליין. דעם טאַטנס אויגן זיינען דעמאָלט פייכט געוועזן פון טרערן, און איצט האָט ער געפילט, ווי אָט די טרערן בעטן זיך ביי אים דערבאַרעמונג — האָט ער זיך געגעבן אַזאַ דרייסטן גלייך אויס, און קוקנדיק מיט אַזאַ צעהעלטן בליק פאַר זיך, האָט ער צו דער מוטער געזאָגט:

— ניין, דער טאַטע איז נישט שולדיק. קיינער אויף זיין אָרט וואָלט נישט בעסער געוועזן... ער איז, נעבעך, פאַרליבט!...

# א איד און א איד

דאָן אלבערטאָ קאטשקעוויטש האָט ענדלעך, נאָך א פּאָר שיינע יאָרן אָפּזיין אינעם „גאָלדענעם לאנד", נאָך לאנגע מאטערנישן און קאָפּדרייעניש, קוים באוויזן אָפּצושפּאָרן א פּאָר פּעזעס אויף צו קענען זיך אויסבויען און אויסטרויען א שטיקל אייגן שטיבל...

ס'האָט נאָך געדארפט דויערן א פּאָר וואָכן ביז דאָן אלבערטאָ האָט געקענט אויסגעפינען א פּאסיקן פּלאץ, אָבער ער צוזאמען מיט זיין ווייב האָבן לאנג געזוכט און האָבן זיך אין דער גאנצער שטאָט נישט געקענט געפינען עפּעס אזוינס וואָס זאָל זיי געפעלן.

דערוויל האָט דאָס געלט געפוילט אין דער באנק, און דאָן אלבער־טאָ האָט געהאט שלאָפלאָזע נעכט, און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז קיין פּאסיק אָרט פאר זיין שטיבל וועט ער שוין אויף דער וועלט נישט געפינען.

ביז איינמאָל אין א פארמיטיק האָט מיט דאָן אלבערטאָן פּאסירט א נס: דער ווירט פון הויז אין וועלכן ער האָט געוואוינט, עפּעס אן אל־טער איטאליענער, איז געקומען איינמאָנען דירה־געלט. דאָן אלבערטאָ האָט אים מיט א שווער געמיט אנטקעגנגעטראָגן קנאקנדיקע פּעזעלעך, האָט אים דער איטאליענער פארהאלטן לענגער ווי אלע מאָל, ער האָט זיך צעשמועסט מיט זיין לאָקאטאָר, און פאר אים אויסדערציילט זיין ביטער הארץ. ער איז אלט און קראנק. קיין ווייב האָט ער נישט, קיין קינדער האָט ער נישט, שטארבן וועט ער מסתמא גאָר גיך, וויל ער פאר־קויפן זיינע הייזער און אוועקפאָרן קיין רוים און דאָרטן שטארבן...

דאָן אלבערטאָ האָט זיך דערפרייט, און עס האָט בסך הכל געדויערט עטלעכע טעג, איז שוין דאָס הויז, אין וועלכן דאָן אלבערטאָ האָט געוואוינט, געבליבן זיין אייגנטום.

ערשט איצט האָט זיך דאָן אלבערטאָ צוזאמען מיט זיין ווייב ארומגעקוקט, אז דאָס הויז איז נישט מיט אלעמען, אז עס איז קליין און מען וואָלט אינעווייניק אין הייפל געקענט אויסבויען נאָך עטלעכע צימערן. ערשט דעמאָלט ווען מען וועט צובויען און אויפרישן, וועט דאָס זיין א הויז מיט הייזער גלייך.

דאָן אלבערטאָ האָט געהאט א טבע צו פאָלגן זיין ווייב, ווייל אמאָל, נאָך איידער ער האָט חתונה געהאט מיט איר, פלעגט זי אים שטענדיק זאָגן: „געדענק, אז נאָך אונדזער חתונה וועט אלעמאָל זיין אזוי ווי איך זאָג!" דאָן אלבערטאָ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און נאָך דער חתונה האָט ער געהאלטן וואָרט.

זיין ווייב איז טאקע געווען שטארק צופרידן, זי האָט זיך אלעמאָל געגווידערט פאר אירע שכנים. זי פלעגט טאקע שטענדיק זאָגן:

— אזא מאן, ווי איך האָב, דארף מען לאנג זוכן...

דאָן אלבערטאָ האָט געוואוסט, אז זיין ווייב גרויסט זיך מיט אים. און דערפאר טאקע, ווייל זי האָט זיך מיט אים געגרויסט און געווען פון אים שטארק צופרידן, האָט ער שוין ביי איר געבעטן א סך טובות, און אזוי ווי ער האָט ליב געהאט צו עסן שטארק געפעפערטע זאכן, פלעגט ער איר כמעט אלע טאָג אָנזאָגן, אז זי זאָל אים היינט קאָכן „א ביסעלע געפילטע פיש", און שטענדיק איז זיין פארלאנג דערפילט געוואָרן.

אזוי האָבן זיי אָפּגעלעבט א סך יאָרן און געהאט א סך קינדער. און איצט, ווען זיי האָבן שוין געהאט אן אייגן הויז, האָט זיך זיי שוין די גאנצע וועלט אויסגעוויזן ווי א גרויסער גן־עדן. זייערע הערצער זיינען איבערפולט געוואָרן מיט גוטסקייט צו אלע מענטשן פון דער וועלט און זיי האָבן געוואָרט אויף א געלעגנהייט זייער גוטסקייט ארויסצואווייזן.

אָבער די מענטשן פון דער גאָרער וועלט האָבן פון די אלע זאכן נישט געוואוסט. אדרבא זיי האָבן גאָר דאָן אלבערטאָן מיט זיין ווייב

געהאלטן פאר שלעכטע מענטשן און „אָנזעצער״. ממילא איז קיינעם פון זיי נישט איינגעפאלן צו בעטן ביי זיי וועלכע עס איז טובה.

דערווייל האָט דאָן אלבערטאָ יעדן פון זיינע באקאנטע דערציילט וועגן הויז, וואָס איז געוואָרן זיין אייגנס, און ער האָט נאָך אויך דער־ציילט וועגן זיינע פּלענער פון צובויען און איבערבויען און, אז אלץ וועט זיין פארטיק, וועט ער שוין מאכן די אמתע שמחה...

דערווייל האָט ער אָנגעהויבן צו פארהאנדלען מיט א קאָנסטרוקטאָר. עס האָט אפילו לאנג געדויערט ביז ער האָט אזא פאסיקן מענטש אָפּ־געזוכט, אָבער ענדלעך האָט ער געפונען, און די ארבעט ארום דעם הויז האָט זיך אָנגעהויבן.

אין א שיינעם פרימאָרגן האָט מען פאר דאָן אלבערטאָס הויז אָפּ־געלאָדן עטלעכע וועגענער מיט רויטע פרישע ציגל. די ציגל האָט מען זאָרגפעליק אָנגעלייגט אויפן טראָטואר אין פּירקאנטיקע שטויסן. קינדער פון דער גאנצער גאס זיינען זיך צונויפגעקומען, זיך ארומגעשטעלט, גע־טאפּט די ציגל און גענומען קלעטערן אויף די שטויסן.

אויף צומאָרגנס האָט מען נאָך געבראכט זאמד און קאלך. עטלעכע מענטשן מיט אָפּגעריסענע רעקלעך האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָרען. זיי האָבן געשלעפּט די ציגל, געגראָבן די ערד, געמישט דעם קאלך און דער קאָנ־סטרוקטאָר, א בלאָנדער מאנספּערשוין, וואָס איז געווען העכער פון דאָן אלבערטאָן מיט צוויי קעפּ, האָט זיך אָן אויפהער געזידלט, געשאָלטן די ארבעטען און געטריבן פון זייערע פּנימער עמערס מיט שוויים.

דאָן אלבערטאָ איז געווען זייער און זייער צופרידן. ווי נאָר ער האָט געהאט א ביסל פרייע צייט, האָט ער זיך צוזאמען מיט זיין ווייב אוועקגעזעצט אויפן הייפל און געקוקט מיט א שיינענדיקן פּנים „ווי אזוי די מענטשן ארבעטן״.

שעהן דורכאנאנד האָט די גאנצע משפחה געקענט אָפּזיצן און זיך גוט צוקוקן. און אז די ארבעט איז געוואָרן שווערער און די ווענט זיינען אלעמאָל געוואָרן צוביסלעך העכער, האָט דאָס דאָן אלבערטאָן אין זיך אלץ מער הנאה געטאָן, און אז זיין עלצטער זון האָט פארויכערט א פּאַ־

פּיראָס, האָט דאָס אים, דעם טאַטן, שטאַרק פאַרדראָסן און ער האָט אים אַזוי געזאָגט:

— זעסט, דו רויכערסט, פאַרברענסט געלט... ווען איך וואָלט נישט געווען דיין טאַטע, וואָלסטו אויך געמוזט אַזוי אַרבעטן ווי זיי...

דאָן אַלבערטאָ האָט געוויזן אויף די אָפּגעריסענע אַרבעטער און דער זון, ענריקע, האָט גאָרנישט געענטפערט נאָר אין זיך געטראַכט:

— „וואָס וויל פון מיר דער אַלטער נאַר?"

דאָן אַלבערטאָ ווערט דערווייל בייז:

— פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?...

דער זון ענטפערט שוין מיט אַ פּרעמד, גוייש לשון:

— הער אויף פאַרדרייען אַ קאָפּ, פּאַפּאַ...

דאָן אַלבערטאָ כאַפּט אַ קוק אויף זיין ווייב. דאָס ווייב קוקט צוריק קרום אויפן מאַן. זי טראַכט: דאָס קינד וועט ווערן אַ דאָקטער און ער פאַרביטערט אים די יאָרן...

אויפן הייפל ווערט די היץ שטיקנדיקער און שטויביקער. די מענטשן אַרבעטן מיט די לעצטע כוחות און דאָן אַלבערטאָ, כאָטש ער אַרבעט נישט, דערפילט זיך מיד און ער בעט שוין ס'זאָל ווערן נאַכט.

אַזוי פאַרגייט אַ וואָך נאָך אַ וואָך. דער קאָנסטרוקטאָר באַראַט זיך אַלעמאָל מיט דאָן אַלבערטאָן וועגן דער גאַנצער אַרבעט און ווען עס פאַרענדיקן זיך די ערשטע פופצן טעג, זעט דאָן אַלבערטאָ ווי דער קאָנסטרוקטאָר באַצאָלט די אַרבעטער. עפּעס בלייבן זיי בייז און איינער וויל זיך שלאָגן מיטן קאָנסטרוקטאָר. דאָן אַלבערטאָ פאַרשטייט, אַז דער קאָנסטרוקטאָר באַגייט מסתמא קעגן זיי גרויסע עוולות, אָבער ער זאָגט גאָרנישט, ס'איז נישט זיין עסק...

אַז די אַנדערע צוויי וואָכן זיינען אָנגעקומען, זיינען אָנגעקומען פרישע אַרבעטער. די אַלטע זיינען נישט געקומען. דערנאָך זיינען ווידער אַוועק צוויי וואָכן, האָבן זיך די אַרבעטער נאָכאַמאָל געביטן. דאָן אַלבערטאָ איז שוין בייז געוואָרן און ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם קאָנסטרוקטאָר. אָבער יענער האָט זיך צעלאַכט, אַ שפּיי געטון אין קאַלך אַריין און געענטפערט:

— יעדער איינער היט זיך זיינע געשעפטן... ווען איך וואָלט געווען שטארק ערלעך, וואָלט איר פאר דעם געלט נישט געהאט קיין הויז!...

דאָן אלבערטאָ האָט מיט די ציין פארביסן די ליפּן און נישט געענטפערט.

די צייט איז דערווייל געלאָפן און די ארבעטער האָבן זיך, שטארק באַעוולהטע, אָן אויפהער געביטן. אָבער אלעמאָל זיינען געקומען נייע, וועלכע עס האָט דערוואַרט דאָס זעלבע, וואָס די אלטע.

איינמאָל אין א מאָנטיק, ווען עס זיינען אָנגעקומען באלד אינדערפרי עטלעכע פרישע ארבעטער, האָט זיי דאָן אלבערטאָ באַגעגנט מיט א קרעכץ. ער האָט שטיל אָפּגעזיפצט און אוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט אָבער באלד צוריקגעדרייט דעם קאָפּ. איין ארבעטער, עפּעס אזא פארדארטער שווארצער יונג, מיט פלאמיקע אויגן, האָט זיך אים אויסגעוויזן עפּעס קענטלעך. אָבער אז ער האָט אים נישט דערקענט, איז ער אריין צו זיך אין סאלע און א פארטראכטער זיך געזעצט עסן זיין אָנבייסן.

מיט א מאָל האָט ער מיט א נישט צעקייטן ביסן אין מויל געגעבן א שפּרונג פון אָרט. עפּעס האָט ער דערהערט א אידיש געזאנג קלאָר און דייטלעך:

„איך האָב דיך ליב־ב־ב,
גאָר אָן א שיעור־ר־ר,
א סימן האָסטו,
אז איך פייף אויף דיר...”

דאָן אלבערטאָ האָט געלאָזט שטיין דאָס עסן און איז ארויסגעלאָפן אויפן הויף. דער דארער יונג איז געשטאנען און געמישט דעם קאלך און אָן אויפהער געזונגען.

דאָן אלבערטאָ איז צוגעגאנגען:

— איר זיינט א איד?

— א איד, סעניאָר, — האָט דער יונג געשמייכלט.

— איז ווי זשע קומט עס וואָס איר ארבעט ביי דעם אָ?... — האָט דאָן אלבערטאָ געטיטלט אויפן קאלך.

דער יונג האָט זיך צעלאכט.

— איך בין שטארק צופרידן...

דאָן אלבערטאָ האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער מיטאמאָל האָט דער קאָנסטרוקטאָר אראָפּגעשריגן פון דער רושטאָוואַניע:

— הערט נאָר... לאָזט אים ארבעטן...

דאָן אלבערטאָ האָט זיך אוועקגערוקט. ער איז אריין צום ווייב אין קיך מיט א טומל:

— האָסט גאָרנישט געהערט?

ס׳ווייב האָט אויף אים אָנגעשטעלט א פּאָר אויגן.

— א איד ארבעט, נעבעך, בא דער שווארצער ארבעט...

דאָס ווייב האָט פארבראָכן מיט די הענט:

— ווער איז ער?

— ער זעט אוים צו זיין א פיינער יונגערמאן...

ער איז אנטשוויגן געוואָרן. די נאָזלעכער האָבן געציטערט אויף זיין פּעטן פּנים. די גאנצע ליבע און דאנקבארקייט, וואָס דאָן אלבערטאָ האָט לעצטנס געפילט צו דער וועלט, האָט זיך איצט אין אים אויפגעכאַפּט און עס האָט זיך ארויפגעגאָסן אויף דעם אידישן יונגנמאן, וואָס מישט איצט אין דרויסן דעם קאלך. ער האָט מיטאמאָל צו אים דערפילט א רחמנות און האָט געזאָגט צום ווייב:

— ס׳הארץ טוט מיר וויי, וואָס א אידיש קינד זאָל, נעבעך, דארפן אזוי שווער ארבעטן!...

— מילא — האָט דאָס ווייב געזיפצט

דאָן אלבערטאָ האָט זיך קוים דערוואַרט, אז עס זאָל ווערן מיטיק-צייט. ענדלעך, אז די ארבעט האָט אויפגעהערט און דער שווארצער יונג האָט אויף זיך ארויפגעוואָרפן דאָס רעקל און זיך געלאָזט צו דער גאס, האָט ׳אים דאָן אלבערטאָ פארשטעלט דעם וועג:

— איר ווייסט, איך האָב אויף אייך רחמנות... — שאָקלט ער טרויעריק מיטן קאָפּ.

דער יונג ווערט ערנסט:

— האָט אויף מיר ווייניקער רחמנות.... אז איך וועל נישט קענען ארבעטן, זאָלט איר רחמנות האָבן...

דאָן אלבערטאָ פארויטלט זיך:

— נישט דאָס האָב איך געמיינט....

ער האָט זיך צערעדט און אריינגעבעטן דעם יונג אין דער סאלע. דאָרט האָט ער אים שוין פארבעטן אויף מיטיק, אויסגעפרעגט וועגן אלץ. אלע האָבן געהערט א געוויינלעכע געשיכטע: ער איז אן עלנטער, איז נאָך א גרינער, און ער האָט זייער ליב צו ארבעטן.

דאָן אלבערטאָ מיט זיין ווייב האָבן אים אויסגעהערט. די קינדער צוזאמען מיטן צוקונפטיקן דאָקטער האָבן געשמייכלט. און דאָן אלבערטאָ האָט געדרייט מיטן קאָפּ און געשטראָפט, ווי ער וואָלט אים שוין גע־קענט א סך יאָרן.

— איר זייט נישט קיין לייט, בשום אופן נישט...

דערנאָך האָט ער פאר אים געהאלטן א לעקציע, אויפגעוויזן, אז אין אמעריקע מוז א איד זיך אויסטויגן, אָט ווי ער... אז ער דארף ווערן א לייט... ער געפעלט אים. ער וואָלט אים געטרויט א ביסל סחורה און זאָל ער בעסער אָנהויבן האנדלען. ער קען נישט דערלויבן, אז א איד זאָל ארבעטן בא אזא שווערער ארבעט, און נאָך דערצו ביי זיין אייגן הויז...

דאָן אלבערטאָ האָט דעם יונגנמאן מאן איבערגערעדט, און נאָכמי־טיק האָט ער אים געגעבן צוויי גרויסע הייליקע בילדער אונטערן אָרעם. ער אליין האָט אים ארומגעפוצט פונעם קאלך און באגלייטנדיק צו דער טיר האָט ער אים געוואונטשן:

— זאָל זיין מיט מזל... איר זעט, איך האָב נישט קיין מורא אייך צו געטרויען מיין געלט... אבי זאָל אייער מאמע פון אייך האָבן א סך נחת...

דאָן אלבערטאָ האָט פון זיין אייגענער גוטסקייט פארקוועטשט אין האלדז, און זיין ווייב האָט זיך מיט דעם זוים פון קלייד געווישט די טרערן פון די אויגן.

דער קאָנסטרוקטאָר איז נאָכמיטיק געווען זייער בייז. עס האָט אים

געפעלט א מענטש און ער האָט דאָן אלבערטאָן שטארק געזידלט. ער האָט זיך נאָר געטרייסט וואָס אָט באלד, אין א וואָך ארום, וועט די ארבעט פארטיק ווערן און ער וועט פארשפּאָרן אָנצוקוקן דעם רוסאָ...

דאָן אלבערטאָ האָט זיך ניט גענומען צום הארץ. ער האָט געטראכט וועגן דעם יונג, וואָס גייט איצט ארום פארקויפן זיינע בילדער, און דער יונג האָט זיך דערוויל אזא פארשעמטער און טרויעריקער ארומגעדרייט איבער די גאסן. עס האָט אים שוין באנג געטאָן אויפן גאנצן עסק. ער האָט נישט געוואגט אָנצוקלאפּן אין א פרעמדער טיר, און געקוקט מיט בייזע אויגן אויף די „סאנטאָס" — סאן איגנאסיאָ און סאן מיגעל...

שעהן האָט ער זיך ארומגעדרייט. ער האָט מיט א קלאפּנדיק הארץ אָנגעקלאפּט אין עטלעכע הייזער. מ'האָט אים אומעטום פריינטלעך אָפּ־געזאָגט. נאָר אויף איין אָרט האָט אים א פרוי אין שווארצן געקליידט אויסגעזידלט, ווייל ער האָט אָנגעקלאפּט אין איר טיר:

— איר וואָלט בעסער געגאנגען ארבעטן!...

ער איז אוועק ווי אן אונטערגעשאָסענער. ענדלעך איז געוואָרן נאכט און ער האָט זיך אן אויסגעמאטערטער און הונגעריקער אומגע־קערט צו דאָן אלבערטאָן אין שטוב.

ער האָט דערציילט וועגן זיינע מסחרים, און דאָן אלבערטאָ האָט אים געטרייסט:

— ס'מאכט נישט... היינט האָט איר נישט פארקויפט, מאָרגן וועט איר פארקויפן...

דער יונג האָט א טרויעריק פארויטלטער זיך אָנגעהויבן בעטן:

— איך וויל צוריק ארבעטן... איך טויג נישט צו דעם...

דאָן אלבערטאָ האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיין ווייב. זיי האָבן זיך פארשטאנען אויפן וואונק. דאָן אלבערטאָס פּנים האָט אָנגענומען א שטרענגן אויסזען און ער האָט געענטפערט:

— מילא, אז איר ווילט נישט, איז נישט... קיין ארבעטער באדארף מען שוין נישט... ס'הויז איז שוין פארטיק...

ער האָט זיך ביטער צעלאכט. זיין ווייב האָט מיטגעלאכט. דער יונג האָט זיך געגעבן א שטעל אויף און זיך געלאָזט צו דער טיר.

דאָן אלבערטאָ האָט אים נאָכגעשריגן:

— גלויבט מיר, איך בין אויסן אייער טובה! קומט מאָרגן. איר'ט ווערן א מענטש! איר פארקוקט זיך אויף מיר...

דער יונג האָט זיך אומגעקוקט. ער האָט זיך שטארק איינגעקוקט אין זיין האלב־טאָגיקן ברויטגעבער און גלייכצייטיק א קוק געטאָן אויפן פראָנט פון הויז. ער האָט מיט ביטערניש אָנגעהויבן שאָקלען מיטן קאָפּ, אויסגעשפּיגן און זיך לאנגזאם דערווייטערט אין דער האלב פינצטערער גאס.

# שניי

א גאנצן טאָג האָבן וואָלקנס געשוועבט איבערן לאַנד. גרוי־בלייאיקע כמארעס, געטריבענע פונעם ווינט, האָבן זיך דורכגעטראָגן איבער וועלדער, פעלדער, טאָלן און בערג; געסטראַשעט מיט רעגן און זיך גע־טראָגן ווייטער, ווייטער צו די בערג־קייטן, און זיך אָפּגעשטעלט אינעם דרום פון לאַנד, זיך אָפּגעשטעלט אויף די בארג־שפּיצן און זיך אראָפּגעזעצט אויף די פלאַסטן און אויף גרויסע רויטלעכע קיזל־שטיינער; פון דער ווייט האָבן די בערג אויסגעזען, ווי א בלויע וואָלקן־קייט ערגעץ אויף אן אינדזל, א בלוילעכער וואָלקן, וואָס האָט אייביק פארכמארעט דאָס לאַנד אין דרום זייט; פארנאכט האָבן זיך די כמארעס צונויפגע־גאָסן מיט די בערג, זיך באהאָפטן איינס מיטן אנדערן, און זיך פאר־וואנדלט אין א ריזיקער כמארע פון פּאָמעראַנצן־קאָליר.

שפּעט ביינאכט האָט זיך אין די בערג צעבלאָזן א קאלטער ווינט. די וואָלקנס זיינען פארגליווערט געוואָרן און צעפאלן אין ווייסן שניי. דער שניי האָט זיך געשאָטן א גאנצע נאכט, געפאלן אויף די בערג־קעפּ זיך פארקליבן אין אלע פעלדזן־שפּאלטן און פארשאָטן די טאָלן. דער שניי האָט אלץ פארשאָטן, אלץ פארמבולט, ווי שטיקעלעך פון א צע־קרישלטן הימל, ווי שטיקעלעך און ברעקעלעך פון א צעפּיצלטער וועלט, — פון א טויט־ווייסער וועלט, וואָס איז אראָפּגעפאלן אויף דער ערד און צעשאָטן געוואָרן.

א גאנצע נאכט האָט דער שניי געשאָטן אָן אויפהער, און אין דער זעלבער נאכט איז יאַש דער שלעפער געזעסן אויף א באנק אין דאָרפישן קאָמיסאריאט. ער האָט געדרימלט אין איינגעהויקערטער און גע־

שוידערט פון קעלט, עס האָט זיך אים געחלומט, אז ער געפינט זיך אין זיין היימלאנד פוילן: ער שפרייזט אויף זיין שטיקל פעלד און ערד; עס איז טיפער הארבסט און זיין פעלד איז טרויעריק, פוסט און וויסט; א שניי פאלט און ער שטייט אין מיטן פעלד מיט צעשפרייטע הענט, מיט צעעפנטע האנט־פלאכן, ווארט ער, אז עס זאָל אויף זיי אַנפאלן ווייסער שניי. ער קוקט מיט פרייד און באוואונדערונג אויף דער ווייסער וועלט און מורמלט: „ווי שיין די וועלט איז... איצט, וועלטעלע, ביסטו שיין... שיין!...

בייטאָג האָט זיך יאש איבערגעוועקט. א קאלטער שוידער האָט איבערגעריסן זיין חלום און ער האָט אויפגעמאכט די אויגן. ארום אים האָט נאָך געווייעט א שווארצע פינצטערניש. ער האָט זיך גלייך דער־מאָנט, אז ווי נאָר ער איז ארויסגעקראָכן פונעם לאסט־וואגאָן, האָט מען אים ארעסטירט; אומעטום פארפאָלגט מען אָרימע מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין היים. אומעטום פארפאָלגט מען זיי און מ׳פארטרייבט זיי פונעם אָרט. מען פאריאָגט זיי פון די שטעטלעך, ווי פרעמדע קרעציקע הינט, און יאש איז שוין פון לאנג געגליכן צו א היימלאָזן קרעציקן הונט...

שוין באלד אכצן יאָר, ווי יאש וואָגלט ארום איבער דער וועלט, שלעפט זיך אויף די וועגן פון א פרעמד לאנד און געפינט נישט קיין רו און קיין מנוחה. שוין געוואָרן אכצן יאָר, ווי יאש איז צום לעצטן מאָל ארויסגעגאנגען פון זיין כאטקע, און פון דעמאָלט אָן, איז ער שוין, צו א צווייטער כאטע נישט דערגאנגען. אך, ווען א מענטש וואָלט געקענט איבערגיין דעם ים צופוס, וואָלט יאש אריבערגעגאנגען דעם ים... ער וואָלט צוריק דערגאנגען צו דער שוועל פון זיין אמאָליקער כאטקע, וואָלט ער זיך דאָרט אוועקגעלייגט אויף דער ערד, און דאָרט וואָלט ער זיך שוין אויף אייביק אָפּגערוט!... נאָר דעם ים קען מען נישט דורכגיין צופוס אין זיינע יאָרן, זיינע פינצטערע יאָרן, ברעכן זיך אונטער אים, ווי יונגע ביימעלעך אין א שטורעמווינט; שלעפט זיך יאש אָן אָפּרו אי־בער די וועגן פון א פרעמד לאנד. איז ער שוין געשלאָפן ביי די ברעגן פון אלע פּאָרט־שטעט אינעם לאנד; ער איז שוין געלעגן ביי דער זייט

נעבן די באַן־שינעס, אויף אַלע אַריינפאָר־וועגן צו די גרעסערע שטעט; אין ערגעץ נישט האָט ער גאָרנישט געפונען: מען האָט אים שוין, א פּאָר מאָל, א האַלב־טויטן, פון הונגער פאַרחלשטן, אויפגעהויבן פון די גאַסן און אָפּגעפירט אין שפּיטאָל, געהאַלטן א שטיקל צייט, און ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען אַביסל צו די כוחות, אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס.

אַמאָל האָט זיך אין זיינע יאָרן אַריינגעכאַפּט א גוטער חודש: ער האָט געפונען אַרבעט אין א גרויסער פריגאָריפיקאַ. ער האָט געטראָגן צעפערטלטע אָקסן, זיי אַראָפּגעדזשוויגעט אין טיפע קעלטערס אַריין. מאַנאַטן־לאַנג איז ער געווען דורכגעווייקט אין בהמהש בלוט. ער האָט זיך געבאָדן אינעם בלוט און דאָס בלוט האָט אים פאַרשיכורט, קראַנק געמאַכט. ער איז געבליבן אויף עטלעכע טעג ליגן אין זיין קליין, איי־זערנעם בעטל. ער האָט אין שלאָף געהערט די קלויסטער־געזאַנגען פון זיין אַלטער היים. עס האָבן זיך אַפילו צו אים דערטראָגן די טרויעריקע גאָרגלדיקע געזאַנגען פון דער אידישער שיל; דערנאָך האָט ער זיך געזען אין דער שטאָט וואַרשע, ער איז געשטאַנען ביים „פּאַמניק" פון דעם, וואָס האָט זיך דערטראַכט, אַז די וועלט איז קיילעכדיק, — האָט ער אַרויפגעקוקט צו דעם בראָנדזענעם מענטש, וואָס זיצט א פאַרטראַכטער אין א בראָנדזענער שטול, האַלט ער א גרויסע קויל — די וועלט אין די הענט, — און ער, יאַש, האָט אים אין זיך געפרעגט: — דו, דו, פּאַן קלוגער, ביסטו טאַקע זיכער, אַז די וועלט איז קיילעכדיק, האַ?

דער בראָנדזענער מענטש אויף דער בראָנדזענער שטול האָט געשוויגן. ווען יאַש האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז אַוועק אין דער פריגאָריפיקאָ, האָט מען אים שוין צו דער אַרבעט נישט צוגעלאָזן. האָט ער ווייטער אָנ־געהויבן צו הונגערן און ערשט מיט א סך חדשים שפּעטער געפונען אַר־בעט אַלס געפעסוואַשער אין א רעסטאָראַן. פון דאָרט, איז ער שוין אַליין אַנטלאָפן, און אַזוי האָט ער ווידער אָנגעהויבן וואָגלען איבערן לאַנד. און איצט געפינט ער זיך שוין נאָענט ביי די בערג. ער האָט געהערט, אַז מען קען געפינען אַרבעט אין די קאַלך־גרובן, אָדער אין די שטיין־האַ־קערייען; ווען ער זאָל טאַקע געפינען אַרבעט, ווען עמיצער זאָל אים גע־

בן א האמער אין די הענט אריין, וואָלט ער זיכער צוריק געזונט געוואָרן; ער וואָלט געוואָרן דער זעלבער יאשעק, וואָס אמאָל, אמאָל...

עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. יאש ציטערט פון קעלט און עס ווערט ליכטיק ארום אים. אין דער קאמער, וואו ער זיצט א פארשפּארטער, רייסן זיך אריין פארטאָגיקע קולות. ערגעץ קרייען עטלעכע הענער. הינ־טער דער וואנט פון קאָמיסאריאטל, צעבילט זיך א הונט. ערגעץ פאָרט פארביי א שווערער וואָגן, און דער דאך פונעם קעמערל, געמאכט פון צינק־בלעך, הויבט ער אָן צו ציטערן, דער פּאָל ציטערט און יאש ציטערט און שוידערט מיט פון קעלט. דער וואָגן דערווייטערט זיך און עס ווערט צוריק שטיל. יאשן פארקלעפּן זיך די אויגן, ער גענעצט מיד און ער ווערט צוריק אנדרימלט.

שפּעטער, שוין באלד מיטיק־צייט, האָט עמיצער יאשן איבערגע־וועקט, געטרייסלט אים פאר די אקסלען. יאש האָט אויפגעמאכט די אוי־גן און דערקענט דעם פּאָליציי־מאן וואָס האָט אים נעכטן ארעסטירט; ער האָט זיך געגעבן א שטעל אויף און איז פארבלענדט געוואָרן פונעם שטארקן ליכט, פון די גאָלדענע זון־שטראלן, — האָט ער זיך באלד צו־ריק אוועקגעזעצט און האָט זיך א פארשלאָפענער אָנגעהויבן קראצן אי־נעם פארוואקסענעם צעשויבערטן קאָפּ. דער פּאָליציי־מאן האָט אים ווי־דער אָנגעהויבן שלעפּןביים ארבעל און בייז געשריגן, אָט ווי יאש וואָלט אים גאָר אָן עולה געטאָן:

— דער קאָמיסאריאָ הייסט, מען זאָל דיך פריילאָזן. ער זאָגט דו זאָלסט זיך שוין פארנעמען פון דאנען, מען זאָל דיך דאָ נישט זען אין דעם מקום... קענסט גיין!

יאש האָט נישט געענטפערט, נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ, אז ער איז מסכים... ער האָט געכאפּט א זייטיקן קוק אויפן פּאָליציי־מאן, מסתמא א געוועזענער פּויערל, א פּוילאק... אז וויי וואָלט געוועזן צו אלע שלע־פערס פון דער וועלט, ווען אָט דאָס פּויערל וואָלט געוועזן א קאָמיסאר — ער וואָלט שוין יאשן אזוי שנעל נישט אָפּגעלאָזט... גאָט ווייסט וואָס ער טוט!...

יאש האָט צופרידן געשמייכלט. ער איז ארויס אויפן הויף און זיך געלאָזט צו דער גאס. ער איז געגאנגען מיט מידע טריט און ער האָט קוים

דערטראָגן זיין זאק מיטן ביסל שמאטעס, וואָס ער האָט פארמאָגט. די לופט האָט אים, ווי פארשיכורט. די וועלט האָט איצט געשמעקט מיט וואונדערלעכע ריחות. יאש האָט שוין כמעט צענדליקער יאָרן אזעלכע ריחות נישט געפילט. די לופט איז אים אין דעם טאָג געווען אזא דער־קוויקנדיקע און היימישע, פונקט אזא, ווי דאָרט, אין דער אלטער היים. יאש אָטעמט טיף, און זיין לאנגער אויסגעדארטער קערפּער ווערט נאָך לענגער. זיינען פלאקסענע האָר לויכטן אפער פון אונטער זיין צעריסן היטל, ווי שטיקלעך צוגעקלעפּטע זון; זיין קארנאָסע, צופּיל פארשפּיצטע נאָז, האָט זיך נאָך מער פאריסן, ווי ער וואָלט וועלן אויסאָטעמען די גאנ־צע לופט... און יאש איז פּאמעלעך געגאנגען, ווי א פארבלאָנדזשעט קינד, געקוקט אויף אלע זייטן, און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז באלד וועט ער זיך אויסדרייען און גיין צוריק פון וואַנען ער איז געקומען. נאָר יאש איז געגאנגען, ווי א פארבלענדעטער און האָט גאָרנישט געזען, ווי פאר אים האָבן זיך אויסגעשפּרייט די בערג, וואָס זיינען געווען באדעקט מיט שניי, — ווייסער שניי, וואָס האָט געפינקלט אנטקעגן דער זון, ווי ברילאנטן־שטויב; יאש האָט נישט געפילט, ווי ער הויבט זיך העכער אויפן געשלענגלטן בארג־וועג, נענטער צו די פעלדזן־שפּיצן; ער האָט נישט באמערקט דעם פּייכטלעך־גרינעם מאָך, וואָס איז ארויסגעוואקסן פון צווישן די שפּאלטן פון די ריזיקע שטיינער ביי די זייטן פונעם וועג. ער האָט נישט באמערקט די שעפּסן־סטאדעס, וואָס האָבן זיך געפּאשעט אויף די מיט גרויסע שטיינער פארלייגטע זאמדיקע פעלדלעך. יאש האָט גאָר געשפּאנט אין א וועלט, אַ ווייט־ווייטע וועלט פון אויסגעחלומטע ווינטער־ריחות.

דער וועג האָט זיך אלץ געריסן בארג־ארויף, און יאש האָט זיך גע־איילט און זיך געריסן פאָראויס. אונטער זיינע פיס האָט די ערד אָנגע־הויבן ווייכער ווערן. יאשעקס פיס האָבן שוין געטראָטן אין ווייסן, קלאָר־ווייסן שניי. יאש האָט אין אָנפאנג געמיינט, אז ער טרעט אויף קרייד, נאָר באלד האָט ער זיך אויסגעניכטערט און די ווייסקייט פון שניי האָט אים א בלענד געטאָן אין די אויגן, — אן אמתער שניי, וואָס ער האָט שוין א גאנצע אייביקייט נישט געזען און נישט געפילט...

צוערשט האָט זיך יאש אָנגעהויבן רייבן די אויגן מיט דער האנט

און דערנאָך האָט ער זיך אָנגעהויבן קראַצן אינעם פּאַרוואַקסענעם נישט ראַזירטן פּנים. ער האָט ברייט צעעפנט די בלויע אויגן, און זיין לענג־לעך, אויסגעבלייכט פּנים האָט זיך צעשיינט. ער האָט געגאַפּט אויפן שניי, ווי ער וואָלט דערזען אַ וואונדערלעכן נס — אַזאַ גרויס וואונדער, וואָס אַ מענטש זעט נאָר איין מאָל אין לעבן...

יאַש האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום שניי, צו דער ערד, אַוועקגעלייגט דעם זאַק און אָנגענומען צוויי זשמעניעס מיט קאַלטן שניי. ער האָט גע־נומען דעם שניי אין זיינע הענט, — צוויי געפונענע הויפנס גאָלד מיט בריליאַנטן; און יאַש האָט ביים אָנבליק און ביי דער באַרירונג פונעם שניי — דורך זיינע אַכצן יאָר קוים אויסגעחלומטן שניי, — האָבן זיך זיינע בלוי־פאַרבענקטע אויגן אָנגעפולט מיט טרערן און אויפהויבנדיק דעם קאָפּ צום הימל, האָט ער אויסגעשריגן אין זיין הייליקער באַגייס־טערונג:

— גאָט מיינער, באָזשע מאָי, באָזשע קאָכאַני...*) ס'איז דאָך נאָך פאַראַן שניי אויף דער וועלט — שניי, „שניעג"!

און יאַש האָט זיך אַראָפּגעלייגט אויף דער ערד, זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער מענטשלעכער לענג מיטן פּנים אינעם שניי, האָט ער זיך איינגענורעט אַלץ טיפער אינעם שניי אריין, אין דער ערד אריין, — האָט ער עפּעס געמורמלט, ווי ער וואָלט אויסגעזונגען אַ וויינענדיק געזאַנג און אַ תּפילה, — ווי ער וואָלט זיך אַרומגעכאַפּט מיט דער מאַמע, וואָס ער האָט שוין אַזוי פיל יאָרן נישט געזען...

---

*) גאָט מיינער, ליבער גאָט.

# דער נייער נאָט

צענדליקער יאָרן נאָכאנאנד האָט זיך דער טומלדיקער זשום פון דער פאבריק אריבערגעקאָליערט פון איבערן פארקן אויף דער גאס ארויס, פארפולט די גאס מיט אייביקן מאשינען־גערויש און פאר־רוישט דאָס לעבן פון אלע הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען ארום דער פאבריק.

ביינאכט האָט זיך דער טומל נאָך מער פארשטארקט. אלע שויבן פון דער גאס פלעגן זיך צעציטערן, ווי זיי וואָלטן זיך אין דער פינצטער־ניש אָנגעהויבן שרעקן פארן גערויש פון דער פאבריק, געמיינט אז פון ביינאכטיקן גערויש וועט די פאבריק איינפאלן, די הייזער ארום איר וועט לן איינפאלן! — די גאנצע וועלט וועט איינפאלן.

נאָר ס'האָט גאָרנישט פאסירט. איידער די פאבריק האָט געזאָלט איינפאלן פונעם שרעקלעכן טומל, וואָס די מאשינען דאָרט האָבן אָנגע־מאכט, איז נאָר דער טומל מיטאמאָל פארשטומט געוואָרן, אָט ווי די מאשינען אינעווייניק וואָלטן פלוצלונג פאראליזירט געוואָרן.

אויף דער גאס איז צוריק שטיל געוואָרן ווי אמאָל, איידער מען האָט די פאבריק אויפגעבויט. ביינאכט האָבן די שויבן אויפגעהערט צי־טערן. און אמתע רואיקע שטילקייט האָט פארשטילט די גאסן, נאָר די איינוואוינער האָבן עפּעס אין דער ערשטער רואיק־שטילער נאכט נישט געקענט אנטשלאָפן ווערן, זיי האָבן געטראכט וועגן דער שטיל געוואָ־רענער פאבריק און איינער האָט טאקע אין דער פינצטערניש אָפגעזיפצט און גערעדט צו זיך אליין:

— אַט איז שטיין געבליבן נאָך א פאבריק. אַט דער פארשאָלטע־נער קריזיס, אזוי פיל מענטשן וועלן איצט בלייבן ארבעטסלאָז...

אויף צומאָרגנס האָבן זיך שוין א סך שכנים דערנענטערט צו דער פאבריק. זיי האָבן אריינגעקוקט דורכן גרויסן פארקן־טויער וואָס איז געווען געמאכט פון גרויסע קארבירטע צינק־בלעכן. זיי האָבן געזען א גרויסן הויף אָנגעשטעלט מיט גרויסע קאסטנס. קיין לעבעדיק וועזן איז אויפן הויף נישט געווען. ס'איז טאקע זעלטן ווער אריינגעגאנגען, אָדער ארויסגעגאנגען. ס'האָבן שוין מער קיין ארבעטער נישט געוואַרט פארן טויער אין די פרימאָרגנס אָדער מיטיק־צייט; שכנים האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ:

— אזא קריזיס, אזא קריזיס...

עמיצער האָט געצויגן מיט די אקסלען:

— אזא גרויסע פאבריק זאָל בלייבן שטיין...

עפּעס א דארער מאנספּערשוין מיט א שוואַרצן שאַל ארומגעוויקלט ארום האלדז, מיט צוויי שווארצע לאטעס אויף ביידע קניען, האָט זיך צערעדט:

— און איך האָב שטענדיקע מקנא געווען די ארבעטער פון דער פאבריק. שטענדיק האָבן זיי געארבעט... אָבער איצט, — ער האָט עפּעס געגעבן א צי אויס די האנט ווייט פון זיך אוועק, אַט ווי א מענטש וואָס גייט זיך גליטשן איבער א געפרוירענעם טייך. באלד האָט ער זיך צוריק אויסגעגלייכט און זיך צעלאכט.

עמיצער האָט אויף אים בייז א קוק געטאָן.

—מ'דארף נישט לאכן פון אזעלכע זאכן!...

אזוי האָבן די שכנים צווישן זיך געשמועסט וועגן דער פאבריק. יעדן פארנאכט ווען זיי פלעגן זיך אויסזעצן פאר די טויערן, האָבן זיי געמוזט עפּעס ריידן וועגן דער פאבריק; זיי האָבן געקוקט צום טויער, געקוקט אויפן פארקן און פון דאָרטן האָט געיאָגט מיט טויטער שטיל־קייט און פוסטקייט, אַט ווי קיינמאָל וואָלט דאָרט גאָרנישט געווען — גאָרנישט!

ס'איז אוועק א שטיקל צייט און די שכנים האָבן אויפגעהערט צו ריידן וועגן דער פאבריק. זיי האָבן אין איר שנעל פארגעסן, ווי מען

פארגעסט אין א געשטאָרבענעם. נאָר אָט אין א פארנאכט איז אריינ־געפאָרן א גרויסער לאסט־אויטאָ אינעם הויף פון דער פאבריק. די שכנים האָבן געטראכט, אז אָט גייט מען שוין ארויספירן די מאשינען פון פאב־ריק, אָבער אין א קורצער צייט ארום איז דער לאסט־אויטאָ צוריק ארויס־געפאָרן פונעם הויף א באלאָדענער מיט פעקלעך איינגעפאקטע סחורות. די שכנים האָבן געטראכט: אָט באלד וועט מען שוין ליקווידירן די גאנ־צע פאבריק, ס'וועט פון איר קיין זכר נישט בלייבן.

נאָר עס זיינען אוועק נאָך עטלעכע וואָכן און יעדן טאָג פלעגן אריינ־פאָרן נאָך עטלעכע לאסט־אויטאָס, אויפלאָדן פעק מיט סחורות, צוריק־קומען ליידיקע און ווייטער ארויספאָרן אָנגעלאָדענע מיט סחורות.

ס'האָט קיינער נישט געקענט פארשטיין וואָס עס האָט פאסירט. די מענטשן וואָס האָבן געוואוינט ארום דער פאבריק, האָבן צום ערשטן געטראכט, אז אינעווייניק האָבן באדארפט בלייבן אָנגעארבעטע גרויסע זאפאסן מיט סחורות; אָבער עס זיינען אוועק וואָכן מיט חדשים און די לאסט־אויטאָס האָבן ניט פארפעלט אריינצופאָרן יעדן טאָג, האָבן די שכנים נישט געוואוסט וואָס צו טראכטן.

עפּעס איז דאָס אלץ פאר זיי נישט געווען פארשטענדלעך. ס'איז שוין ביי זיי קיין ספק נישט געווען, אז אינעווייניק מוז עמיצער שטי־לערהייט ארבעטן. עפּעס א כישופמאכער באשאפט דאָרטן סחורות אויף א וואונדערלעכן אופן: ער ארבעט איינער אליין פאר הונדערטער מענ־טשן; ער ארבעט אָן אויפהער בייטאָג און ביינאכט, ביינאכט און ביי־טאָג, אָן אפרו. א כישופמאכער קען זיך באגיין אָן רו...

אזוי האָבן געטראכט די שכנים, און דורך די טעג פלעגן ווייטער אריינפאָרן ליידיקע לאסט־אויטאָס און ארויספאָרן צוריק פול באלאָדענע. און אויסער די לאסט־אויטאָס פלעגן זיך אמאָל כמעט אומבאמערקט אריינשארן אין הויף צוויי מענטשן.ביידע פלעגן זיי כמעט שטענדיק אָנקומען צוזאמען. ביידע זיינען געווען פון דער זעלבער הויך. נאָר איי־נער פון זיי איז געווען שרעקלעך דאר און דער אנדערער איז געווען אבי־סעלע א קיילעכדיקער. זיין בלוי ארבעטס־רעקל איז אויף אים געווען ענג פארשפיליעט; אונטערן רעקל האָט געזוירט זיין בויך, א נישקשהדיק אויסגעפאשעטער בויך.

אַט די צוויי האָבן געאַרבעט אין דער פאַבריק אין דער צווייטער טורנע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צוויי בייטאָג און האָט זיך געענדיקט צען ביינאַכט. פּונקט צען ביינאַכט פלעגן אָנקומען אַנדערע צוויי מענטשן. זעקס אינדערפרי פלעגן קומען די לעצטע צוויי. אַט די אַלע מענער און דריי פרויען, וואָס פלעגן קומען אַכט אינדערפרי און אַוועקגיין אַרום פיר נאָכמיטיק; אַט זיי אַלע האָבן דאָס באַשאַפן אַט די אַלע סחורות, וואָס די לאַסט־אויטאָמאָבילן האָבן עטלעכע מאָל אין טאָג אַרויסגעפירט פון פאַבריק. זיי האָבן געמאַכט און באַשאַפן די אַלע סחורות וואָס פריער מיט א צייט האָבן דעם זעלבן סכום פּראָדוצירט הונדערט פּאָר מענטשלעכע הענט, ווייל דער באַלעבאָס האָט אויסגעשריבן פון דער שווייץ דריי וואונדערלעכע מאַשינען. אַט די מאַשינען האָבן גורם געווען, אַז די אַלטע מאַשינען זאָלן זיך שוין אויף אייביק אָפּרוען, זיי האָבן שוין געאַרבעט פאַר אַלע פריערדיקע מאַשינען. דער באַלעבאָס האָט זיך גערימט, אַז זיינע נייע מאַשינען וועלן שוין אַרבעטן „פאַר אַלע מיינע אַרבעטאָרערס. אַט די מאַשינען ווייסן שוין בעסער ווי א מענטש, וואָס זיי האָבן צו טון און מ׳דאַרף נאָר צו זיי האָבן א אינגל פאַר צוויי פּעזעס א טאָג, וואָס זאָל צו זיי כאַפּן א קוק, נישט מער ווי א קוק...״

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז צו די מאַשינען האָט מען נאָך באַדאַרפט א מענטש וואָס מען האָט אים געמוזט באַצאָלן כמעט צוויי מאָל צו צוויי פּעזעס, פאַר ניט מער ווי כאַפּן פון צייט צו צייט א „קוקעלע״...

אַזוי איז אויסגעקומען, אַז אַט דער גראָבער פאַרשוין האָט באַדינט די נייע אויטאָמאַטישע מאָטאָר־מאַשינען און איין מאַשין פון די אַלטע האָט צובאַדינט די נייע. איין אַלטע מאַשין איז געבליבן אַרבעטן. זי האָט זיך פאַרדינט דעם כבוד צו באַדינען די נייע מאַשינען. זי האָט צוגעאַרבעט די טיילן וואָס פאַר די נייע מאַשינען האָט זיך נישט געלוינט צו מאַכן...

און די נייע מאַשינען האָבן געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. זיי זיינען געווען ענלעך צו גרויסע, ריזיקע, פירמעטערדיקע פּיאַנעס; עס האָט פון זיי געבלענדט מיט אַזאַ שטאָלענעם גלאַנץ ווי מאַטער זילבער: טויזנטער דינע נאָדלען האָבן זיך איינגעביסן אין דינע פעדים און זיי פאַרוואַנדלט אין גרויסע הונדערט־מעטערדיקע שטיקער שטאָף. איבער די

אָרלען איז אומגעלאָפן אהין און צוריק אן אייזערנער קאָפּ. דער אייזערנער קאָפּ האָט באטיילט יעדע נאָדל איר קאָלירטן פאָדים וואָס זי האָט פארלאנגט: איינע האָט גאָר אין זיך ארייגעכאפּט רויטע פעדים, אנדערע — ווייסע, און אנדערע נאָדלען זיינען געווען אביסל איבערקלייבעריש: אמאָל האָבן זיי זיך גענומען צו צוויי און דריי פעדים אויף אמאָל און באלד האָבן זיי גאָר דעם פאָדים אינגאנצן נישט אָנגערירט, געלאָזט עטלעכע מאָל פארביילויפן דעם קאָפּ, און אויפגעהערט אין זיך ארייננציען די פעדים. גאָר אונטן, ביי דער ערד, אין א הילצערנעם קאסטן, האָט זיך פונדעסטוועגן אָן אויפהער ארייגעפאלדעוועט א לאנג שטיק מוסטרירטער שטאָף, א געשטריקטער שטאָף מיט פארשידענע בלומען און בלעטלעך, גרינע צווייגלעך מיט העל־בלויע וויינטרויבן, צעשאָטענע ווי צעשאָטענע רויזן אויף א שמאָלן שליאך; רויטע רויזן מיט ווייסע אויף א פאָן פון לייב־קאָליר.

און די מאשינען האָבן שטיל געשאָרכט. דער גראָבער מענטש וואָס האָט זיך צווישן זיי ארומגעדרייט, האָט אויף זיי יעדע ווײַלע געכאפּט א קוק, פון צייט צו צייט האָט ער אוועקגעשטעלט אויף א הילצערנעם קארניז עטלעכע גרויסע שפּולן מיט וואָלענע פעדים, אדורכגעצויגן זיי דורך דינע דרעטעלעך, א פלינקן דריי געטאָן מיט זיינע פינגער דעם פאָדים דורכן דראָט און באלד האָבן זיך גענומען אָפּוויקלען די פעדים פון דער שפּול. די שפּולן פלעגן אָנהויבן דינער ווערן, ביז עס פלעגט פון זיי איבערבלייבן אזא נאקעט שטיקל האָלץ, וואָס איז ענלעך צו א קליין לייכטערל מיט א דין וואקסן ליכטל.

די הויפּט־ארבעט פון דעם מענטשן איז געווען צו בייטן די הילצערנע שפּולן. מער האָט ער כמעט ווי גאָרנישט געדארפט טאָן, אָבער ער האָט געטאָן אנדערע זאכן אויך: ער האָט געגענעצט, געברומט פאר זיך מאָדנע שטילע לידלעך, און אז ער האָט שוין מער נישט געקענט געגענעצן און האָט שוין געהאט אויסגעברומט אלע לידלעך, האָט ער שוין געטראכט וועגן דער מאשין. די מאשין איז קלוג, די מאשין איז שטארק, די מאשין קען ארבעטן פאר הונדערט מענטשן: א רוח ליגט אין דער מאשין...

אין אזעלכע מינוטן האָט ער זיך דערנענטערט צו זיין חבר, וואָס

האָט געמאכט די קעלנער פאר די מאָטאָר־מאשינען. ער האָט ווי אלע יאָרן, צייט ער איז אן ארבעטער, געהאָרעוועט מיט די הענט. ער האָט געארבעט ביי אזעלכע מאשינען, ביי וועלכע ער איז אליין געווען דער מאַטאָר. יעדן טאָג וואָס ער האָט געארבעט האָט פון אים די מאשין ארויסגעצאפט אזוי פיל כוח, אז אָפטמאָל האָט ער געמיינט, אז ער וועט ער שוין נישט קענען ארבעטן, ער וועט אומפאלן ביי דער מאשין, פון דאָרטן וועט מען אים אהיימפירן און ער וועט שוין קיינמאָל מער ניט ארבעטן...

נאָר ס׳האָט מיט אים אזוי נישט פאסירט. אויף א וואונדערלעכן אופן האָט ער זיך געהאלטן אויף די פיס. ביינאכט פלעגן צו אים צוריק־קומען אלע פארלוירענע כוחות. זיי פלעגן צו אים ארייִנשטראָמען אין די מידע הענט און פיס. ווען ער פלעגט אויפשטיין פלעגט א גליקלעכע פרייד ווארימען זיין הארץ. ער האָט ארבעט און האָט ווייטער כוח צו ארבעטן. ער האָט אפילו געגלויבט, אז אמאָל וועט ער אויפשטיין אזא שטארקער און קרעפטיקער, ער וועט צוריקקריגן אלע כוחות וואָס ער האָט געפטרט אין זיין לעבן, ער וועט צוגיין צו זיין אלט מאשינדל און עס וועט פאסירן א נס: ער וועט אויסארבעטן אזוי פיל וויפל די נייע מאָטאָר־מאשינען. ניין, עס וועט עפּעס אויפקומען אן ארטיקל, וואָס קיין שום מאשין וועט דאָס נישט קענען מאכן. מאכן אזא וועלן נאָר קענען מענטשלעכע הענט. פון זיינע מידע מיט מאָזאָליעס פארהאר־טעוועטע הענט וועט ארויסשיינען א ליכטיקער שטאָלץ. זיינע הענט און די הענט פון אלע זיינע חברים, ביי וועלכע די נייע מאשינען האָבן ארויס־געריסן דאָס ברויט פון מויל, וועלן זיך רימען מיט שטאָלץ:

„מיר קלוגע מענטשלעכע הענט, מיר נוצן צו אלץ. זיינען מיר שטאָלץ מיט דעם וואָס מיר זיינען! נישט פאראן קיין שום מאשין, וואָס זאָל אונדז קענען פארבייטן. מיר, די הענט, האָבן באשאפן די מא־שינען. זאָלן די באלעבאטים פון די מאשינען נישט מיינען, אז די מא־שינען האָבן אונדז באשאפן“...

דער דארער האָט אזוי געטראכט אין דער מינוט ווען די מידקייט האָט אים גענומען באהערשן. עס האָט נאָך געפעלט מער ווי דריי שעה ביז צום פארענדיקן די ארבעט. אויף דער גאס איז היינט געווען א קי־

לער פארנאכט, אָבער דאָך האָט ער היינט געשוויצט ביי דער מאשין מער ווי אלעמאָל. די הענטלעך פון דער מאשין זיינען געווען נאס פון זיינע פארשוויצטע הענט. דער געריוש פון דער אייגענער מאשין האָט אים עפּעס היינט דענערווירט מער ווי אלע מאָל. זיין מאשין האָט אָנגע־מאכט מער טומל ווי אלע מאָטאָר־מאשינען. עס האָט זיך אים אויסגע־וויזן, אז זיין מאשין שרייט פאר אלע שטיל געבליבענע מאשינען, פאר אלע אָן ארבעט געבליבענע ארבעטער. א סעקונדע איז דער געריוש פון דער מאשין ענלעך געווען צום זעגן פון א זעג. א צווייטע סעקונדע האָט די מאשין נאָכגעמאכט א בייז־דענערווירטן מענטש, וואָס קריצט מיט די ציין.

דער ארבעטער פון די מאָטאָר־מאשינען האָט זיך צעגענעצט. ער האָט אויסגעצויגן די הענט אין דער הויך איבער זיין קאָפּ, ער האָט פארביילט די פויסטן און ער האָט אויסגעזען ווי א מענטש וואָס איז נאָר וואָס אויפגעשטאנען פונעם שלאָף. ער האָט צוריק אראָפּגעלאָזט די הענט און האָט זיך דערנענטערט צו זיין פארשוויצטן חבר. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט הינטער דעם דארנס פּלייצעס און געקוקט אויף זיין העמד וואָס איז געווען פייכט, כמעט נאס פון שוויים.

דער דארער האָט דערפילט דעם חברס בליק אויף זיך, האָט ער אראָפּגענומען די הענט פון דער מאשין, ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָנגעקוקט זיין חבר מיט א פרעגנדיקן בליק.

דער גראָבער האָט אים לייכט א שטופּ געטאָן:

— לאָז, איך וועל אביסל ארבעטן, רו זיך אָפּ. וואָס ביסטו היינט אזוי פארשוויצט?

דער דארער האָט זיך נישט געלאָזט אוועקרוקן פון זיין אָרט.

— מ׳דארף נישט. וועסט נאָך בלייבן אָן כוח. וועסט ווערן אזוי דאר ווי דו ביסט אמאָל געווען, געדענקסט ווי דאר ביסט געווען?...

דער גראָבער האָט אים מיט גוואלד אוועקגעשטופּט:

— זאָל דיר נישט דארן דער קאָפּ פאר מיינעטוועגן, לאָז...

דער גראָבער האָט אָנגעכאפּט די הענטלעך פון דער מאשין. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו וויגן אויף אלע זייטן. ער האָט אָנגעהויבן אר־

בעטן שנעל. די מאשין האָט ווידער אָנגעהויבן צו זעגן און נאָכמאכן דאָס קריצן פון ציין. עס איז אוועק א מינוט. דער דארער האָט זיך אָנ־געשפּארט אין דער אלטער פארזשאווערטער מאשין. ער האָט פארמאכט די אויגן ווי ער וואָלט געכאפּט א דרימל. מיטאמאָל איז דער גראָבער שנעל מיד געוואָרן. דאָס פּנים האָט זיך אים צערויטלט און ער איז שטיין געבליבן. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום חבר און האָט זיך פּלוצ־לונג צערעדט:

— הערסט, וויפל מאָל איך גיי צו צו דיין מאשין, טראכט איך, אז מיינע מאשינען זיינען דאָך עפּעס אנדערש, זיי זיינען עפּעס אזעלכע גוטע שטאָלענע באשעפענישן, וואָס טוען אלץ פארן מענטשן. זיי מאַ־כן פארן מענטש אלץ וואָס ער וויל, אלץ וואָס ער פארלאנגט, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „איר, מענטשן, האָט שוין גענוג געארבעט, גענוג כו־חות אוועקגעלייגט. איצט לאָזט אונדז, מיר וועלן שוין אלץ טאָן, שוין צייט איר זאָלט זיך אָפּרוען... שוין צייט.”

דער דארער שטייט נאָך אלץ אָנגעשפּארט אין דער אלטער מאשין מיט פארמאכטע אויגן. ער הערט וואָס זיין חבר זאָגט און ער פארמאכט נאָך שטארקער די אויגן. די ווערטער דרינגען אריין אין אים, אָט ווי עפּעס א רויטער שטראָל פון דער אונטערגייענדיקער זון וואָס דרינגט דורך די מאטע שויבן אויפן בלעכענעם דאך פון דער פאבריק. דער דאַ־רער ענטפערט גאָרנישט.

דער חבר גיט זיך ווייטער א צעיאָג מיט דער מאשין. אויך אים איז שוין דער שטערן אביסל פארשוויצט. ער גיט זיך ווידער א שטעל אָפּ און פרעגט:

— האָסט גאָרנישט געהערט וואָס איך האָב געזאָגט?

דער דארער גיט א מאך אויף די אויגן, אָט ווי ער וואָלט זיך אויפ־געכאפּט פון שלאָף. ער שווייגט א ווילע, נאָר באלד זאָגט ער.

— איך האָב געהערט וואָס דו האָסט געזאָגט, ביסט זייער גע־רעכט... שטארק גערעכט.. לאָז!

ער האָט זיך צוריק דערנענטערט צו זיין מאשין. דער גראָבער האָט אים עפּעס אָן חשק אָפּגעטראָטן דאָס אָרט. דער דארער האָט צוריק אָנ־

געהויבן ארבעטן. ער האָט זיך אָנגעהויבן לייכט צו וויגן אין דער ברייט פון דער מאשין. דער חבר איז נאָך אלץ נעבן אים געשטאנען. זיי האָבן ביידע געשוויגן, נאָר דעם דארנס מאשין האָט געזעגט און די מאָטאָר־מאשינען האָבן שטיל געשאָרכט, ווי א מחנה שלאנגען־פיש וואָלטן ארומגעשוואומען אין א סטאוו. דער גראָבער האָט א ווײַלע געכאַפּט א בליק צו זיינע מאָטאָר־מאשינען, געזען אז אלץ איז אין אָרדענונג, האָט ער זיך אָנגערופן צו זיין חבר:

— וויפל מאָל איך קוק אויף מיינע מאשינען אלץ מער קריג איך זיי ליב. עס ווייזט זיך מיר אוים, ווי זיי וואָלטן געווען קלוגע לעבעדיקע באשעפענישן. ווייסט, איך האלט אז מיינע מאשינען זיינען קליגער פון א סך מענטשן... עפּעס א טייוול שטעקט אין זיי. ניט אזוי?

דער חבר האָט זיך אָנגערופן:

— ס׳איז גאָר נישטאָ וואָס צו וואונדערן זיך. מיין נישט אז איין מענטש האָט אויסגעקלערט די מאשין: מיין נישט, אז אין איין טאָג האָט מען איר באשאפן. ס׳האָט געדויערט א סך יאָרן ביז מ׳האָט אזא מאשין געמאכט. ס׳איז נישט פאראן פון וואָס נתפעל צו ווערן. א מענטש דארף נישט נתפעל ווערן.

דער גראָבער האָט זיך צוגעבויגן נאָך נענטער צום דארן חבר. ער איז שוין נעבן אים געשטאנער אזוי נאָענט, אז ער האָט געפילט דעם כמעט איבלדיקן ריח פון חברס פארשוויצט לייב. ער האָט געענטפערט:

— דיר ווייזט זיך אוים, אז מען דארף נישט נתפעל ווערן. דאָס איז דערפאר וואָס דו האָסט נאָך רעכט די מאשינען נישט אָנגעקוקט. קום, קוק אָן די מאשינען. קום, איך וועל דיר ווייזן יעדעס שרייפעלע און נעדעלע. איך וועל דיר אלץ ווייזן און דו וועסט בלייבן א צעחוש־טער, וועסט שוין זען וואָס פארא רוחות עס שטעקן אין זיי... קום!

דער דארער חבר האָט זיך אָנגעהויבן שנעל וויגן איבער דער מאַ־שין. זיינע אויגן האָבן אביסל אויפגעבליצט מיט אזא איינגעהאלטענעם כעס. ער האָט שנעל א מורמל געטאָן:

— איך האָב שוין אלץ געזען. לאָז ארבעטן. טאָמער וועט ווער אָנ־קומען, וועלן מיר זיך אויסריכטן א שווארצן סוף... גיי!

דער גראָבער האָט געכאַפּט א שנעלן קוק צו דער טיר. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אז עמיצער גייט טאקע און ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו זיינע מאַשינען. ער האָט שנעל ארויפגעשטעלט אויף זיינע מאַשינען עט־לעכע קאָלערס מיט פריש אויפגעוויקלטע וואָל־פעדים. דערנאָך האָט ער זיך אזוי דורכגעשפּאצירט צווישן די מאַשינען און געגלעט מיט די הענט די אייזערנע געשטעלן. זיינע הענט טאַפּן מיט צאַרטקייט די שטאָלענע מאַשינען ווי א פורמאַן גלעט אמאָל צאַרט דעם רוקן פון זיין ליב פערדל. מיטאמאָל גיט ער זיך ווידער א לאָז צו דעם אָרט וואו עס שטייט און אַרבעט זיין דאַרער חבר. ער לייגט ארויף א האַנט אויף זיין אקסל און זאָגט מיט א בעטנדיק קול:

— קום, טו מיר א טובה. פאַרגין זיך אָנצוקוקן די מאַשינען, וועסטו זען וואָס אין זיי שטעקט. איך אַרבעט שוין ביי זיי עטלעכע חדשים און איך קען זיך נישט אויף זיי זאַט אָנקוקן. אַך, ווי קלוג די מאַשינען זיינען, קליגער ווי הונדערט מענטשן. טו א טובה, קום און כאַפּ אויף זיי א קוק.

דער חבר גיט זיך א שטעל אָפּ. ער גיט זיך א שפּאַר אָן אין דער מאַשין און צעשמייכלט זיך מיט שפּאָט:

— לאָז אַרבעטן. איך דאַרף שוין נישט אָנקוקן די מאַשינען, איך וויסן וואָס אין זיי שטעקט. איך וויל דו זאָלסט אויך וויסן. ווייס אויך שוין וואָס אין זיי שטעקט, ווייס איך שוין אלץ...

דער גראָבער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. ער האָט דעם דאַרן אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און האָט אים אָנגעהויבן שלעפּן:

— קום, מוזט געבן א קוק אויף די מאַשינען. ביי מיר מוזטו זיך דער־וויסן וואָס אין זיי שטעקט. איך וויל דו זאָלסט אויך וויסן. ווייס אויך און פאַרשטיי. קום!

דער דאַרער האָט זיך געלאָזט פירן פון זיין חבר. ער האָט אים נאָך אלץ געהאַלטן ביי דער האַנט און האָט אים געפירט ווי א קינד, ווי א טאַטע וואָס פירט זיין קינד אין א שיינעם פּאַלאַץ אריין. באַלד זיינען זיי שטיין געבליבן ביי די מאַשינען, ביי די שטאָלענע באַשעפענישן, וואָס האָבן געשטריקט פאַר הונדערטער מענטשן. דער דאַרער האָט גע־

קוקט אויף די נאָדלען וואָס האָבן זיך מעכאַניש געהויבן אַרויף און אַראָפּ, אויפגעהויבן די מעטאַלענע גלאַנציקע קעפּלעך און זיך אַריינגעביסן אין די פאַרשידענע פעדים ווי שטאָלענע מילבן; די נאָדלען האָבן אויסגעזען ווי אַן אַרמיי פון קלוגע שטאָלענע באַשעפענישן וואָס האָבן זיך אויסגעשטעלט אין איין רײַ און מאַכן פאַרשידענע איבונגען אויפן אייזערנעם פּלאַץ. אַט טיילן זיך אויס עטלעכע הונדערט פון זיי און גיבן זיך אַ הויב אין דער הויך און די איבעריקע בלייבן ליגן אונטער זיי; אַט טיילן זיך גאָר אויס יעדע צווייטע נאָדל; די ערשטע שפּרינגט אַרויף אין דער הויך און די אַנדערע באַהאַלטן זיך הינטער אַ קאַרבירטן פּלאַץ. יעדעס מאָל וויקלען זיך אָפּ פון די גרויסע שפּולן די פעדים. זיי יאָגן זיך אַריין מיט שנעלקייט אין דער מאַשין און אונטער דער מאַשין, אויף דער ערד, וויקלען זיך אַליין אַרויף אויף אַ ראָל צענדליקער מעטער געבלימטער שטאָף.

דער גראָבער פרעגט זיין חבר:

— זעסט עפּעס, האַ? ביסט אַ מבין אויף דעם?

דער דאַרער שאָקלט גלייכגילטיק מיטן קאָפּ:

— נו, איז וואָס?

— אָבער זאָג: קען מען נישט ווערן צעחושט?

— ניין.

דער גראָבער גלעט מיט איין האַנט דעם חברס פּלייצע און מיט דער אַנדערער די מאַשין:

— ס'איז נאָר צו באַוואונדערן!... דיך וואונדערט גאָרניט?

— ניין! — ווערט שוין דער דאַרער אין כעס.

— זעסט־ווי קלוג זי איז... זעסט?

און דער גראָבער ווייזט אים עפּעס מיט אַ פינגער צווישן די נאָדלען

— האָסט געזען וואָס זי האָט איצט געמאַכט, האָסט געזען?

— איך האָב שוין געזען... — וויל דער דאַרער שוין אַוועקגיין.

דער גראָבער האַלט אים צו, ער זאָל ניט אַוועקגיין. זיינע אויגן זיינען שוין אַזוי צעלויכטן ווי ביי אַ מענטשן וואָס זעט עפּעס וואונדערלעכע זאַכן. ער בעט זיך:

— אַט נאָך אַ מינוט, אַט וועסטו באַלד עפּעס זען...

דער דארער גיט זיך פלוצלונג א ריס ארויס פון זיין חברס הענט. א שרעקלעכער כעס וואס האט די גאנצע צייט געטליעט אין אים, האט אים ווייס געמאכט דאס בלוט אין זיינע אדערן. ער איז עפעס געווארן שרעקלעך בלייך. ער האט מיט עפעס אן איבערמענטשלעכן כוח אנגע־כאפט דעם גראבן ביי די אקסלען און האט אים געגעבן א זעץ אוועק אויף די קניען נעבן דער מאשין, אט ווי עמיצער, אפשר אן אינקוויזיטאר זעצט אראפ א גאטלעסטערער פאר אן אלטאר; די קניען ביים גראבן האבן זיך איינגעבויגן ווי א שרעקלעכע משא וואלט אויף אים ארויפגע־פאלן. דער דארער חבר האט איבער זיין קאפ געפאכעט מיט א ביינער־דיקער פויסט און געשריגן ווי א ווילדער, ניין, ווי א נביא:

— פאר דיר איז דאך די מאשין נישט קיין מאשין... א גאט איז דאס דיר... דיין גאט! דיין נייער גאט; דו וואלסט געוואלט אז אלע זאלן קניען צו דיין גאט, אבער איך קני נישט... ניט מיין גאט איז דאס. דיין גאט איז דאס, קני זשע פאר אים, קני! טאמער וועסטו זיך אויפ־הויבן, וועל איך דיר צעשפאלטן דעם קאפ... קני!

ער האט נאך אלץ געפאכעט מיט דער פויסט איבערן קאפ פון זיין קניענדיקן חבר. די מאשינען האבן זיך ווייטער געטאן זייער ארבעט: זיי האבן געשארכט און גערוישט, געזשומעט און געשטריקט, באשאפן סחורות פאר מענטשן און נעבן זיי האט א מענטש געקניט — געקניט ווי פאר א גאט...

# ווייַנפּערלעך

דער הייסער, זומערדיקער מיטנוואָכטאָג, האָט אויסגעבראָטן פון דער גרויסער שטאָט דאָס האַרץ מיט די לונגען: די היץ האָט געבראָטן פונעם הימל אַראָפּ, די חמימה האָט אַרויסגעברענט פון די הייזער און פון די ווענט, און פון דער ערד אונטער די פיס, האָבן די טראָטואַרן געהיצט ווי קאַלך־אויוונס; אַן אימהדיקע מידקייט און מאַטקייט איז געלעגן אויף אַלץ און אַלעמען און אויף די טראָטואַרן, וואָס זיינען געלעגן אין שאָטן, האָבן זיך מענטשן לאַנגזאַם געשלעפּט, צעכראַסטעטע, מיט צעשפּילעטע קראַגנס און מיט די רעקלעך אין די הענט. די קאָפּען זייַנען געווען פול געפּאַקט מיט דורשטיק־פאַרשוויצטע מענטשן, וואָס האָבן זיך געמינטערט פונעם חלשות מיט קאַלטע געטראַנקען, מיט קאַלט ביר; די ווענטילאַטאָרן האָבן זיך שווינדלדיק געדרייט, געוואָלט אָפּקילן עמיצן, נאָר די היץ איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט.

דוד דער בייטלמאַכער, האָט זיך געשלעפּט אינעם שאָטן, אויפן אויפן טראָטואַר, און זיך געווישט דעם שווייס פונעם שטערן. די היץ האָט אים געפּייניקט און ער האָט חשק געהאַט אַריינצוגיין אין אַ קאָפּע און בעטן אַ קאַלטן טרונק אָדער אפשר גאָר אַ פּאָרציע אייזקרעם. אַלעמאָל, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַזאַ קאָפּע, האָט ער, שוין זייענדיק אויף דער שוועל פון דער טיר, זיך באַהערשט און געגאַנגען ווייטער זיין וועג. ס'זיינען אים געווען אַ שאָד די פּאָר סענט. איצט איז אַ צייט אַזאַ, וואָס מען דאַרף קאַרגן דעם גראָשן. איצט, אין דעם מאָנאַט, וואָס איז פאַר אים דער ערגסטער חודש אין יאָר, איז ער האַלב אַרבעטסלאָז. זיין באַלעבאָס, דאָן כאָקאָבאָ, „דער פּאַריזער", מאַכט אַלע מאָל,

אין דער צייט, באַלאַנס פון זיין געשעפט און פאַבריק און דערנאָך פאָרט ער אוועק מיט זיין משפחה אויף א חודש קיין מאר דעל פלאטא. אלע־מאָל, ווען דאָן כאַקאַבאַ פאָרט קיין מאר דעל פלאטא, איז אַך און ווי צו אים און צו די איבעריקע זעקס־און־דרייסיק מענטשן, וואָס ארבעטן ביי דאָן כאַקאַבאַ „דער פאַריזער". און דערנאָך, ווען דאָן כאַקאַבאַ קומט שוין צוריק אַן אָפּגעברענטער, אַן אָפּגעסמאַליעטער, מיט זיבן הויטן אָפּ־געשיילטע, און וואָס האלטן זיך אין שיילן ביז א שטיק אינעם ווינטער אריין — ערשט דעמאָלט איז אויך נישט גוט. דאָן כאַקאַבאַ קומט שטענ־דיק צוריק מיט א שווער געמיט. מענטשן זאָגן, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס אלע זומער לאָזט ער איבער שיינע טויזנטער פעזעס, ביים רולע־טע־טיש, אינעם קאַסינאָ פון מאר דעל פלאטא; היינטיקס יאָר איז גאָר דאָן כאַקאַבאַ אוועקגעפאָרן קיין מאר דעל פלאטא א צערייצטער און נערוועאישער; צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, האָט ער, צוליבן סינדי־קאַט, געדאַרפט באַצאָלן זיינע ארבעטער פאַר א וואָך וואַקאַציעס. גע־דאַרפט באַצאָלן האָט ער אפילו יעדן ארבעטער, לויטן געזעץ, צו צען טעג, אָבער דאָן כאַקאַבאַ האָט איינגעלייגט וועלטן אינעם „דעפּאַרטאַ־מענטאָ דעל טראַבאַכאָ", און דאָרט האָט מען זיך מיט אים פאַרגלייכט אויף א וואָך ארבעט פאַר יעדן מענטש. און ער, דוד דער בייטלמאַ־כער, האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, געקראָגן באַצאָלט זעקס־און־דרייסיק פעזעס, פאַר א פולער וואָך ארבעט, וואָס ער האָט נישט געאַר־בעט... אַז דאָן כאַקאַבאַ וועט דאָס איבערטראָגן, וועט ער זיין שטאַר־קער פון אייזן!

די היץ לאָזט נישט אָפּ אויף קיין איין מינוט און דוד קען זיך נישט באַשליסן אויסצוגעבן עטלעכע קליינע מטבעות אויף צו שטילן דעם דורשט. ער טראַכט, אַז עס איז נאָך א נס, וואָס ער ארבעט נישט אין אזא הייסן טאָג, ווייל ער וואָלט איצט געדאַרפט זיצן ביי דער מאַ־שין, וואָלט ער אוועקגעפאַלן א פאַרחלשטער...

דוד בלייבט שטיין ביי א קאַפע און קוקט אריין מיט קנאהדיקע אויגן. אינעם קאַפע דרייען זיך אפשר זעקס ווענטילאַטאָרן. מענטשן זיצן ביי די טישלעך, טרינקען ביר און פאָכן זיך מיט די שטרויענע הוטן. דוד שאַרט זיך אריין א נישט דרייסטער אינעם לאָקאַל, גייט צו

צום בופעט און בעט א גלאָז וואסער. וואסער קאָסט נישט קיין געלט, און ביז איצט האָט מען אים, און קיינעם נישט, אָפּגעזאָגט. דער באַדי־נער הינטערן בופעט, דערלאנגט אים דאָס גלאָז וואסער מיט העפלעכ־קייט און ברייטהארציקייט. דוד זופּט אויס דאָס גלאָז קאלטע וואסער, באדאנקט זיך און לאָזט זיך ארויסגיין אויף דער גאס. אויף דער שוועל בלייבט ער שטיין מיט א פארצוווייפלט פּנים פאר דער הייסער שטיקנ־דיקער חמימה, אין וועלכער ער דארף צוריק ארייַנשפּאנען. ער גיט זיך אומוויליק א ריס אָפּ פונעם אָרט, שארט ער זיך צו צו דער וואנט, וואו עס איז פאראן א שמאָלער פּאס שאָטן און לאָזט זיך ווייטער גיין מיט דער גאס צו זיך אהיים.

שפּאנט זיך דוד איבער דער גליענדיקער גאס אהיים. נאָכן ביסל קאלטן וואסער, ווערט אים נאָך הייסער ווי עס איז אים געווען פריער. דער שוויים גיסט זיך אים פונעם שטערן אויף די ברעמען און פון די ברעמען אויף די וויעס, גלייך אין די אויגן אריין. דאָס ווייסע, אויסגע־פּרעסטע טיכעלע, וואָס זיין פּערל האָט אים מיטגעגעבן, איז שוין נאס, שמוציק און קלעפּיק. ער הויבט זיך אָן אײַלן. ער וויל שוין וואָס גיכער זיין אויף דער אונטערערדישער באן־סטאנציע, אפשר איז דאָרט אביסל קילער. דוד וואוינט אויסער דער שטאָט און צוליב דעם האָט ער א מאָ־נאטלעכן באן־אבאָנאָ, און ער קען זיך פארגינען צו פאָרן אין צענטער אריין און עס זאָל אים נישט קאָסטן ספּעציעל קיין געלט. אין דער באן איז פאָרט אביסל קילער, דאָרט וועט ער אביסל אָפּאָטעמען.

דוד נעמט זיך איילן. עס פעלט נאָך געציילטע עטלעכע מינוט גאנג ביז צו „פּלאסא אָנסע". ער גייט ארבער דעם וועג און לאָזט זיך מיט דער ברייטער פּוערעדאָן־גאס צו דער באן.

עס הויבט אָן אָניאָגן דער פארנאכט. די גאסן ווערן באלעבטער און מענטשן קומען אָן אין גאנצע שטראָמען. מחנות אויטאָמאָבילן יאָגן זיך איינס הינטערן אנדערן, טראָגן זיך מיט געשווינדקייט איבערן אס־פּאלטענעם ברוק, וואָס איז צעגליט און צעשמאָלצן פון דער היץ. די נו־מי רעדער ווילן איינזינקען אין דער ערד, שאָרכן זיי מיט ריטשענדיקער קלעפּיקייט, לאָזן נאָך זיך איבער לאנגע פּאסן, שפּורן און קארבן, ווי

א רערל אויף א מצה־בלאט. באלד יאָגן אָן אנדערע אויטאָמאָבילן, וואָס פארווישן און פארקנעטן די פריערדיקע פאסן אויף נייע. טראמווייען קלינגען, יאָגנדיק זיך אויף צעגלאנצטע, צעזילבערטע רעלסן. דער זשום און דער רויש שטארקט זיך פון מינוט צו מינוט. מענטשן ווערן באַ־פרייט פון פארשטיקטע פאבריקן אוןווארשטאטן, פון רישטאָוואניעס און ביוראָען. אלע איילן זיי אין פארשידענע ריכטונגען. און דוד טראכט זיך, אז בעסער וואָלט ער אין אזא טאָג געבליבן אין דער היים. וואָס האָט ער דען פון דעם אייביקן ארומדרייען זיך פוסט און פאסט איבער די גאסן?

דודס רעיונות ווערן פארשמעקט און איבערגעריסן פון פרוכטן־ריחות, וואָס דופטן ארוים פון א פרוכטן־באזאר. אז דוד דערפילט פרוכ־טן־ריחות, וועקן זיך טיף אין אים אויף לאנג־פארגאנגענע, פארשטאָר־בענע יאָרן און טעג; דודס טאטע־מאמע, האָבן אמאָל, שוין זייער לאנג, געהאנדלט מיט פרוכטן ערגעץ אין ווארשע, „פארן אייזערנעם טויער״; דודס קינדהייט האָט געבליט צווישן צענדליקער קוישן מיט עפל און בארן, צווישן קוישן קארשן און יאגאָדעס, צווישן נים, מאלינעס, וויינ־פערלעך און אגרעסן. דוד איז אומגעקראָכן צווישן קעסטלעך קאטא־ניער פאָמעראנצן און ציטרינען: ער איז געשלאָפן אין קורצע זומער־נעכט אויף בערג ארבוזן און מעלאָנען; ער האָט געטראָטן אויף חמרים מיט נים. ער, דוד, וויל זיך אפילו ניט, בכיוון, דערמאנען אין די אלע זאכן, ווייל ווען נאָך ער דעמאָנט זיך ניט ווילנדיק, אין די פארגאנגענע צייטן, הויבט אים אָן וויי טאָן דאָס הארץ און עס שטיקט אים אין האלדז... אז אָך און וויי איז צו זיין קאָפּ, אז ער, דוד, דארף גיין קויפן אן עפּעלע, אָדער א באר... נאָר מילא, דאָס וואָלט נאָך געוועזן צו דער־ליידן און צו דערטראָגן. דאָס איז, פונדעסטוועגן, נישט קיין גרויסער אומגליק, מילא. פאראן אָבער ערגערע זאכן. אָט האָבן די נאצישע חיות רעות אויסגעמאָרדעט כמעט אלע אייראָפּעאישע אידן. ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט אפשר קיין איין איד אין דעם נאצישן גיהונום ניט בלייבן קיין לעבעדיקער. דער טאטע, דודס, איז געשטאָרבן פופצן מאָנאטן נאָך דעם, ווי די נאצים זיינען אריין קיין ווארשע. מיט א יאָר שפּעטער האָט דוד באקומען אן אָפן בריוול פונעם „אינטערנאציאָנאלן

רויטן קרייץ״ אין זשענעווע, מיט צוויי געדרוקטע שורות אויף א שרייב־מאשינקע: „פאָטער פור אָסטערן געשטאָרבן, ביטע הילפע, אוסוואַנדע־רונג״... מילא, דער טאַטע איז אין א געווימן פאר פסח געשטאָרבן. ער איז קוים אלט געווען אכט און פופציק יאָר. און געבענטשט זאָל זיין די שעה, וואָס ער האָט אויפגעהערט ליידן. נאָך א גרויסע טרייסט, וואָס ער איז נישט דערמאָרדעט געוואָרן ממש פון א נאצישער האנט. אָבער וואָס איז געוואָרן פון דער מאמען? פון די ברידער און שוועסטער און פון זייערע קינדער? וואָס איז געוואָרן פון זיי אלע?

דוד שפאנט פארביי פאר די קראָמען פונעם פרוכטן־באזאר, ווישט זיך אויס מיט די פינגער דעם שוויים, וואָס רינט אים אריין אין די אויגן אריין, און קוקט מיט ווייטע טעמפע בליקן אויף די צעלייגטע פירות. עס שמעקן מאַרעלן און וויינטרויבן, פערעשקעס און קארשן, ארבוזן און אנאנאסן, בארן און מעלאָנען. דוד זאפט אין זיך איין די ריחות און שטעלט זיך אָפּ ביי יעדער קראָם. די פרוכטן שמעקן אריין אי־נעם הארץ אריין און אין דער נשמה מיט פארגאנגענע שטיקער לעבן און פארלאָשענע, אויסגעברענטע חלומות... דוד שטעלט זיך בכיוון אוועק אונטער די לייוונטענע דעכלעך־פלאנדעקעס, קוקט אויף די פרוכטן מיט זשעדנעקייט און מבינות; נאָר קיינער קוקט זיך נישט אום אויף דודן. מען דערקענט שוין אין זיין הולך, אז דאָס דארף זיין א קונה אויף א קליינעם מעלאָן אָדער א האלבע קילאָ וויינטרויבן.

מיטאמאָל בלייבט דוד אינגאנצן שטיין. אין א קליין קוישעלע אונטערגעבעט מיט גרינע קאָליפלאָר־בלעטער, ליגט א הויפן רויטע, ווי מיט בלוט אָנגעפארבטע וויינפערלעך. דוד רייבט זיך די אויגן. זאָל ער ניט אמאָל ליידן פון א פארבלענדעניש? אין ארגענטינע וויינפערלעך? שוין באלד צוואנציק יאָר, ווי ער געפינט זיך אין לאנד און קיין וויינ־פערלעך האָט ער נישט געזען און נישט געגעסן. ניין, ס׳איז נישט קיין פארבלענדעניש... עס זיינען אמתע וויינפערלעך, וואָס ליגן צעשאָטן ווי א הויפן רויטע רובינען, שמעקן מיט ריחות פון פאר צוויי צענדליק יאָ־רן — וויינפערלעך!

— וואָס קאָסטן די־אָ? — פרעגט ער דעם סוחר, א צעיוירענעם

איטאַליענער מיט טרערנדיקע אויגן, ווייזנדיק מיט א פינגער אויף די ווייַנפּערלעך.

— צוויי פּעזעס א קילאָ — ענטפערט דער סוחר קאַלט.

— אזוי טייער? — דערשרעקט זיך דוד.

— ערגעץ אנדערש האָט מען געלייזט דריי פּעזעס א קילאָ. ווייל כ'האָב שוין ס'לעצטע ביסל, וויל איך זיי ליקווידירן. כ'האָבן אינדער־פרי געבראַכט צוואַנציק קילאָ, האָט מען זיי צעכאַפּט. בלויז אייערע לאַנדסלייט האָבן זיי אויסגעקויפט — שמייכלט דער איטאַליענער.

— גיט מיר א פערטל קילאָ — שמייכלט שוין דוד.

דער סוחר ווענגט אים אָפּ אין א פּאַפּירן טאָרבעלע דאָס פערטל קילאָ ווייַנפּערלעך. דוד ציילט אריין דעם סוחר אין דער האַנט אריין פופציק סענט. נאָך צוואַנציק סענט בלייבט אים אין קעשענע. אוי, ווען זיין פּערל וואָלט געשטאַנען דערביי, וואָלט זי זיכער פאַרבראָכן מיט די הענט און געמאַכט א סקאַנדאַל: וואָס הייסט, מען גיט אוים פופציק סענט אויף נאַשעריי, דעמאָלט, ווען מען איז אַרבעטסלאָז. דוד, ביסט חס וחלילה פונעם זינען אראָפּ? דוד?! — וואָלט זיך זיין פּערל גע־בייזערט.

אז דוד שטייגט איין אין דער הינטערשטאָטישער עלעקטרישער באַן, טראָגט ער דאָס בייטעלע מיטן ביסל ווייַנפּערלעך אזוי פּאָרזיכטיק, ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס א טייערער קרישטאָלענער סערוויז. אז די באַן הויבט אָן לויפן מיט טייוולאָנישער שנעלקייט און א קיל ווינטל הויבט אים אָן צו באַבלאָזן, קומט צו אים צו פליען דער יצר הרע און זאָגט אים אין אויער אריין: „צוואַנציק יאָר האָסטו שוין נישט געגעסן קיין ווייַנפּערלעך... נו, מאַך אויף דאָס בייטעלע און פאַרזוך כאָטש איינס. נעם א קליין שטענגעלע מיט עטלעכע ווייַנפּערלעך. ביסט דאָך פאַרחלשט פון היץ!...״

דודן איז געקומען ס'וואַסער אין מויל אריין. ער האָט אראָפּגע־שלונגען די סלינע און געקוקט מיט גוטע און צאַרטע אויגן אויפן בייטעלע מיט די ווייַנפּערלעך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. ניין, ביז פּערל וועט די ערשטע נישט טועם זיין, וועט ער נישט פאַרזוכן.

אַט, ער איז שוין נייגעריק צו וויסן, וואָס וועט זי זאָגן, ווען זי וועט דערזען די וויינפּערלעך....

אז דוד פאלט אריין צו זיך אין הויפל אריין, באגעגנט אים זיין פּערל מיט א מילדן פאָרוואורף:

— אין אזא טאָג, זאָלסט זיך בעסער געוועזן אויסרוען אין דער היים, שלעפּסטו זיך ארום אין אזא היץ איבער די גאסן? גיב א קוק ווי דו זעסט אויס!

— ס'מאכט נישט אויס, ס'וועט מיר גאָרנישט זיין. אנו, טרעף וואָס איך האָב געבראכט? — ווייזט ער איר דאָס טאָרבעלע.

— קארשן? — שמייכלט פּערל.

— ניין!

— מילא, ווייס איך ניט!

— גיב א קוק! גיט ער א פּאַק אויף דאָס טאָרבעלע — וואָס איז דאָס?

— אוי, וויינפּערלעך!

— טאקע, וויינפּערלעך!

מאן און ווייב קוקן זיך אָן צעשמייכלטע, ווי זיי וואָלטן געשטאנען נעבן אן אויסטערלישע, וואונדערלעכע זאך. פּערל נעמט ארויס א פּאָר שטענגעלעך, צעלייגט זיי ביי זיך אויף דער האנטפלאך, שפּיגלט זי זיך אין זיי, דערנאָך גיט זי א קוק אויפן מאן מיט א פאַרזאָרגט פּנים:

— ס'קאָסט א סך?

— ניי שוין, גיי, גאָרנישט מיט נישט...

פּערל לייגט ארויף די וויינפּערלעך אויף א טעלערל, גייט צו צום קראן און שווענקט זיי דורך און בשעת מעשה פרעגט זי דעם מאן:

— דוד, האָסט זיי שוין פּארזוכט, זיי זיינען זיסע?

— כ'האָב זיי נאָך נישט פארזוכט.

— פּארזוך זשע — שטופּט זי צו אים דאָס טעלערל מיט די וויינ־פּערלעך.

— ניין, דו פּארזוך צום ערשטן — שטופּט ער צוריק דאָס טעלערל.

פערל ווייסט, אז דוד איז אן עקשן, אז ביי אים וועט זי גאָרנישט אויספירן. זעצט זי זיך אוועק אויף מאירלס בענקעלע, שטעלט אוועק דאָס טעלערל מיט די וויינפּערלעך ביי זיך אויפן שויס, קלייבט זי אויס א קליין שטענגעלע, לייגט זיך אריין דאָס שטענגעלע אין מויל אריין און רייסט אראָפּ איינציקווייז מיט די ציין די וויינפּערלעך.

דוד קוקט זיין ווייב אין פּנים אריין און פאָרשט אויס דעם טעם פון די וויינפּערלעך, לויט דער מינע וואָס צעגיסט זיך אויף איר פּנים; פּערלס פּנים פארוואָלקנט זיך. זי בלייבט זיצן מיטן נאקעטן וויינפּערל־שטענגעלע צווישן די פינגער און דרייט אוועק דעם קאָפּ.

— נו, וואָס פארא טעם האָבן זיי? — פאָרשט ער — זיס?

— יאָ, פארזוך, וועסטו ויסן.

דוד זעצט זיך אראָפּ אויף די שטיינערנע מאָזאיק־קאכלעס, ביי זיין פרוים פיס. ער לייגט זיך אריין א שטענגעלע מיט וויינפּערלעך אין מויל אריין. ער צעקוועטשט זיי מיט די ציין און דער זאפט צערינט זיך אין מויל ווי דער עסענץ פון צוואנציק יאָר לעבן. ער לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ נידעריקער צו דער ערד. אין מויל ביי אים איז צעגאָסן צוואנציק יאָר פארגאנגען לעבן: ער דערפילט די קראָכמאלנע גאס, די האלעס, יאנושעם הויף, דעם זאקסישן גאָרטן, די ווייסל און אפילו דעם בית עולם פון גענשע גאס. דאָס מויל איז פול מיט טעמים און ריחות פון טאטע־מאמע, פון ברידער און שוועסטערלעך. וואָס איז פון דעם געבליבן? אביסל רויטע וויינפּערלעך, ווי רויטע רובינען, ווי רויטע טרערן ליגן אויף א ווייס טעלערל.

— עס נאָך — מאכט זיך דוד נישט ווילנדיק — האָסט נאָך כמעט נישט פארזוכט.

פערל לייגט מעכאניש אריין א צווייט שטענגעלע מיט וויינפּער־לעך אין איר מויל אריין. דער טעם אין מויל און דער ריח אין מויל איז דער זעלבער פון דער לעקערט־גאס אין אָדעס, וואו זי איז געבוירן גע־וואָרן; עס שמעקט דער צוויט אינעם אלעקסאנדראָווסקי־פּארק, עס שמעקן די כוואליעס פונעם שווארצן ים ביים „לאנזשעראָן“... וואָס איז

געוואָרן פון דער גוטער מומע פאַני, די קאָנדוקטאָרשע אויף א טראַמוויי אין דער שטאָט אָדעס? און וואו געפינט זיך איצט די מומע רייזע, וואָס האָט איר שטענדיק מכבד געווען מיט אגרעסן און וויינפּערלעך? וואָס איז פון אלץ געוואָרן?

עס ווערט שטיל א ווײַלע. דוד ליגט מיט אן אָנגעבויגענעם קאָפּ צו דער ערד און פערל האלט פאַריסן דעם געקרויזלטן קאָפּ צו א וואָל־קנדל, וואָס שוועבט אזא טונקל בלאָעס, אן איינזאמס, אויפן בין השמשותדיקן הימל. עס דערהערט זיך א ווילד געלויפעריי פון פלינקע יונגע פיסלעך. מאירל פאלט אריין אין הויפל א צעשויבערטער און פאר־שוויצטער. ער פאלט גלייך ארויף אויפן פאָטער, זעצט זיך צו אים אראָפּ אויף דער ערד און פרעגט א פארסאָפּעטער:

— פּאַפּא, ביסט שוין דאָ פון לאנג? — קושט ער אים אין די באקן.

— יאָ — קושט אים דער פאָטער אין קאָפּ — אז דו ליגסט א גאנצן טאָג מיט דיינע חברים אויף דער גאס...

— האָסט מיר עפּעס געבראכט? — פרעגט ער, און איידער ער באקומט אן ענטפער, דערזעט ער די וויינפּערלעך ביי דער מוטער אויף דער שויס און גיט זיך א צי צום טעלערל:

— וואָס איז דאָס?

— וויינפּערלעך.

— צום עסן?

— יאָ — דערלאנגט אים די מוטער א שטענגעלע — עס.

מאירל צעקייט עטלעכע וויינפּערלעך. באלעקט ער זיך:

— זייער געשמאק, גיב נאָך וויינפּערלעטש...

— ניין, פארריכט אים די מוטער מיט צער אין פּנים — וויינ־פּער־לעך!

מאירל זאָגט נאָך פאַרזיכטיק:

— וויינ־פּער־לעך.

די מוטער דערלאנגט אים נאָך א שטענגעלע. מאירל לייגט עס אוועק ביי זיך אויף דער קליינער דלאָנקע, און זאָגט צום פאָטער:

— ווייסט, טאטע, צו וואָס דאָס איז ענלעך?
— צו וואָס? — פרעגט דער פאָטער מיט נייגיר.
— צו רויטע פערעלעך.
— יאָ, — איז מסכים דער טאַטע — טאַקע אינגאַנצן ענלעך צו רויטע פערעלעך.
— און איך מיין, אז זיי זיינען ענליך צו עפּעס אנדערש... — רופט זיך אָפּ די מאמע.
— צו וואָס? — פרעגט דוד.
— צו רויטע... — ווייזט זי אים מיט די פינגער אויף אירע פייכטע אויגן — פארשטייסט? — שאָקלט זי הבלדיק מיטן קאָפּ.
דוד שאָקלט צוריק מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער פארשטייט צו וואָס די ווײַנפּערלעך זיינען ענלעך. מאירל, אָבער, קוקט און פארשטייט נישט. ער שפילט זיך מיט די פּאָר ווײַנפּערלעך אין זיינע הענטלעך, וואָס זיינען ענלעך צו פּערל — צו רויטע... פּערל...

# דער מאַנעקן

די נאכט האָט אריינגעליכטיקט אין פינצטערן צימער. הינטערן פענצטער האָט דער בוים געראַשט, די באבלעטערטע צווייגן האָבן זיך געבוקט צו די שויבן, א גלאנציקער שטערן האָט א לויכט געטאָן צום קראנקן אין בעט אריין. דער קראנקער האָט א ווײַלע אויפגעהערט זיפצן, געקוקט אין פינקלענדיקן שטערן אריין, ביז די צווייגן האָבן זיך ווידער צערויִשט. דער שטערן איז פארשוואונדן און דער קראנקער האָט זיך ווידער צעזיפצט. אנטקעגן דעם קראנקנס בעט האָט דער מאנעקן געוואכט. אויסגעזען ווי א מענטש מיט אן אָפּגעהאקטן קאָפּ. דער קראנקער האָט איבערגעציילט די טעג, וואָס ער האָט שוין נישט געארבעט, וויפל וואָכן האָט ער שוין גאָרנישט אָנגעמאָסטן אויפן מאַנעקן. די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן צו פייכטן; ווי לאנג נאָך וועט ער פוילן אין בעט? אין צווייטן בעט איז געשלאָפן זיין פרוי. ערגעץ אין א ווינקל איז געשלאָפן זיין זון. היינט איז די נאכט אויף זיי ארויפגעפאלן, ארויפגעוואָרפן זיך ווי א פויגל אויף א וואָרעם. היינט וועלן זיי זיך שוין ניט איבערוועקן, קיינער וועט ניט פרעגן וואָס מאכסטו, ווי פילסטו זיך?...

דער קראנקער איז נישט בייז. ער איז בלויז אין כעס אויף זיין קראנקן גוף. ער איז פאראליזירט און מער איז אים גאָרנישט. ער וואַרט, אָדער ער זאָל וואָס שנעלער געזונט ווערן, אָדער ער זאָל שוין וואָס שנעלער שטארבן. בעסער שטארבן.

די אויגן זיינען אים נאָך נאסער געוואָרן. ער וויינט, העשעט, יאָמערט ווי א קליין קינד. קליינע קינדער וויינען אמאָל, ווען מען קליידט

זיי אָן אן אנצוגל, וואָס זיי האָבן אויף דעם געוואָרפן אן אומחן; ער, דער קראנקער שניידער ליגט אין א פרעמדן גוף, אין א קראנקן צעמאַ־טערטן גוף. קריצט ער מיט די ציין — אָט וועט ער נאָך איבערוועקן די גאנצע וועלט.

אויף דער גאס האָט זיך דער ווינט פארשטארקט. דער בוים רוישט, די צווייגן שמייסן די שטערן אין הימל, דעם קראנקן ווערט אביסל לייכ־טער. אָט וועט ער פארויכערן א פאפּיראָס. ער הויבט אָן צו רופן זיין זון:

— אדאָלף... אדאָלף...

אדאָלף שלאָפט. אדאָלף איז צופרידן. אדאָלף גייט אָנגעטאָן אין אן אנצוג, וואָס געפעלט אים. ער שלאָפט אן אָפּגעדעקטער. ער איז געזונט און הויך. ער קען זינגען און שפּילן אין פוטבאָל. ער קען ווארפן די פּילקע גאָר הויך. ער קען ארויפשפּרינגען אויף א טראמוויי אין שנעלסטן גאנג. ער קען...

דער קראנקער רופט:

— אדאָלף... אדאָלף... הערסט?

קיינער הערט נישט. דער מאנעקן קוקט אויפן קראנקן. דער קראנ־קער שמייכלט: אָט ווען דו ביזט איך... — דו שטיק האָלץ, — איך דו, וואָלט איך איצט געשטאנען א געזונטער... וואָס וואָלט מיר געפעלט?

דער מאנעקן שווייגן. ער וועט זיין באלעבאָס גאָרנישט ענטפערן. ער וועט אים נישט פאררויכערן א פאפּיראָס. ער קען נאָר בלויז הערן וואָס דער פאראליזירטער פּלאפּלט:

— איך האָב דיך געקויפט. שוין צוואנציק יאָר ווי איך האלט דיך אין מיין הויז. איך האָב דיר נישט געטאָן קיין שלעכטס. איך האָב דיך גוט באהאנדלט!

— איך האָב דיר אָנגעמאָסטן די שענסטע רעקלעך וואָס איך האָב אויפגענייט. איך האָב דיך געקליידט אינעם שענסטן. איך האָב דיך אוועק־געשטעלט ביים פענצטער, אז מענטשן זאָלן דיך זען, דיך באוואונדערן: איאָ, ס'איז אמת?

דער מאנעקן ענטפערט נישט.

— נו, איצט וואָלט איך געוואָלט דו זאָלסט זיך מיט מיר בייטן.

קריך אריין צו מיר אין בעט. איך וועל זיך אוועקשטעלן אויף דיין אָרט. קיינער וועט נישט וויסן. דער בוים פארשטעלט די שטערן. קיינער זעט ניט, נו?

דער מאנעקן איז שטום.

— איך וועל דיר דערציילן א שיינע מעשה: מיט א סך צענדליקער יאָרן צוריק. מיר האָבן געוואוינט ערגעץ ווייט איבער ימים. אין אונדזער הויף איז געווען א גרויסער שטיין, גרויס ווי א קליינער בארג. קיינער האָט נישט געוואוסט ווער עס האָט אים אוועקגעלייגט. איך בין דעמאָלט געווען נאָך א קליינער. איך האָב ליב געהאט צו קלעטערן אויפן שטיין. אלע קינדער פונעם הויף האָבן דאָס געטאָן; עטלעכע זיינען אמאָל אראָפּגעפאלן און האָבן זיך צעקלאפּט. אונדזערע מאמעס האָבן אָנגעהויבן צו דערציילן שרעקלעכע מעשות: אז מען זיצט א גאנצע שעה אויפן שטיין, שטארבט מען. אמאָל האָבן מענטשן געלעבט אייביק. און אז דאָס לעבן איז זיי נמאוס געוואָרן, פלעגן זיי קומען צו אונדז אויפן הויף, זיך אוועקזעצן אויפן שטיין און שטארבן.

...איצט וואָלט איך געוואָלט שטארבן. איך, וואָס כ'האָב זיך אמאָל געפילט אזוי שטארק, וויל שטארבן. אין מיינע חלומות האָב איך געטראָגן דעם שטיין אויף מיינע אקסלען און איך בין נישט מיד געוואָרן. איצט וויל איך שטארבן. ווען דו ביסט א גוטער, ברענגסטו מיר דעם שטיין, הערסט?

דער מאנעקן האָט נישט געהערט.

— איך האָב זיך גאָרנישט געריכט דו זאָלסט זיין אזוי שלעכט... אוי...

עמיצער האָט זיך איבערגעוועקט. אראָלף איז א באָרוויסער געשטאנען ביים פאָטער.

— האָסט מיך גערופן?

— יאָ, פארויכער מיר א פאפּיראָס.

דער זון האָט געזוכט אין דער פינצטער. מיטאמאָל האָט ער אָנגעריבן א שוועבעלע. די פינצטערניש איז אויף א ווײַלע אנטרונען געוואָרן. דאָס פנים פונעם קראנקן איז געווען פייכט פון שוויים און דער זון

איז געווען בלייך און איבערגעשראָקן. ער האָט פארויכערט א פאפּיראָס און דערנאָך אריינגעשטעקט דעם פאָטער אין מויל. דאָס שוועבעלע האָט זיך פארלאָשן, דער פאפּיראָס האָט ווי א רויטער שטערן געלויכטן אין דער פינצטער. דער זון איז געזעסן ביים פאָטער אויפן בעט און געדרימלט.

דער קראנקער האָט ליידנשאפטלעך געריכערט. ער האָט געבלאָזן פון זיך דעם רויך און געזיפצט. באלד איז ער שוין געווען א געזעטיקטער מיט רויך: — שוין! נעם צו.

דער זון האָט צוריק ארויסגענומען דעם פאפּיראָס פון פאָטערס מויל. ער איז צוריקגעגאנגען צו זיין געלעגער. מיטאמאָל האָט ער זיך אָנגע־שלאָגן אינעם הילצערנעם מאנעקן. ער האָט פון זיך ארויסגעוואָרפן א קללה:

— צום טייוול!

דער קראנקער האָט זיך דערפרייט:

— גוט אזוי, מאָרגן זאָלסטו אים צעברעכן אָדער ארויסווארפן פון שטוב, הערסט?

— יאָ — האָט דער זון מיטאמאָל דערוואכט.

— זאָלסט אים פארברענען...

— יאָ. פארוואָס?

— ווייל... ווייל... דאָס איז קיינמאָל נישט קראנק... ד ע ר מ א נ ע ק ן ק ר ע נ ק ט נ י ש ט.

דער זון האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך שטיל צוגעשארט צו דער מוטערס בעט, זיך איבערגעבויגן און אָנגעהויבן וועקן:

— מאמע... מאמע... דער טאטע רעדט פון היץ... האָסט געהערט?

— יאָ, יאָ, איך האָב דיך נישט געוואָלט איבערוועקן. איך האָב גע־מיינט, אז דו וועסט נישט הערן, איך האָב געמיינט!

די מאמע האָט זיך אויפגעזעצט, געשאָקלט פארלוירן מיטן גרויען קאָפּ און געקוקט מיט שרעק אויפן הילצערנעם מאנעקן, און דער זון האָט נישט געוואוסט וועמען מער צו באדויערן, דעם פאָטער וואָס האלט ביים שטארבן, אָדער דעם מאנעקן, וואָס דער שטארבנדיקער האָט גע־הייסן פארברענען, אָדער ארויסווארפן פון שטוב ארויס...

# דער ערשטער צער

איין מאָל אין דער וואָך, מאָנטיק, ווערט די שטילע גאַס פאַר־וואנדלט אין א רווישיקן מארק, אין א בוענאָס־איירעסער „פעריע". פון ביידע זייטן פון די טראָטוארן, ווערן אויסגעשטעלט טיש־לעך מיט לייוונטע דעכלעך און די גאנצע געגנט ארום דער פעריע־גאַס הויבט אָן צו שמעקן מיר ריחות פון פרוכטן, גרינוואַרג, בלומען און — בלוט, — בלוט פון פיש, פון עופות, פון בהמות און פון געשחטנע ציגעלעך; די ריחות מישן זיך אויס מיטן געטומל פון הונדערטער מענ־טשן, מיט קולות פון סוחרים און קונים; אויטאָס טרובען, טראַמווייען קלינגען, און פון שכנישע ראדיאָס גאַרגלען זיך ארויס זינגער, זינגערנס; גיטאַרעס גרימפּלען, פידלען וויינען, און צווישן די ריחות און קולות זשומען פליגן, חמרים מיט פליגן.

הערשל דער זייגערמאכער וואוינט אין א קליין דעפּארטאמענטל, אויף דער זעלבער גאַס וואו עס יארידלט זיך אלע מאָנטיק; צייט עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, ארבעט ער ניט אין די מאָנטיקן און אפילו נישט אין די שבתים; הערשלס באַלעבאָס איז דווקא „אריין אין די פּעדערן". א סך באַקאַנטע זיינע האָבן זיך אין דער מלחמה פיין ארויפגעארבעט, נאָר ער, הערשל, איז אויף גרויסע צרות. פאַר דער מלחמה האָט ער געגרויבערט צוואנציק־סענטיקע פאַפּיראָסן און איצט קויפט ער נאָר צען־סענטיקע. און די חובות אין שפּייז־קרעמל וואַקסן, חובות ביי חברים ווערן גרעסערע, און א געפיל פון האָפנונגסלאָזיקייט און געפאַלנקייט וואַקסט אינעם הארץ, קוקט ארויס מיט בייזקייט צו דער וועלט און צו זיך אליין.

אין די מאָנטיקן, ווען דער יאריד אויף דער גאס פארקלאפּט די אויערן, און איבלדיקע ריחות דראפּען אין דער נאָז, איז הערשל אביסל פרייליכער. דער זשום פון דער גאס פארשלאָגט די טרויעריקע געדאנקען אין קאָפּ און הערשלען ווערט אביסל פרייליכער אויפן טרויעריקן געמיט. נאָר מיט זיין ווייב, מיט חנהן, געשעט דאָס פארקערטע: זי ווערט טרויעריק, בייז, מיידט אויס צו ריידן מיטן מאן און זיפצט.

הערשל פארשטייט וואָס עס קומט פאָר מיט זיין חנהן. ער ווייסט, אז זיינע „גרויסע פארדינסטן" טוען אָן חורבנות אין דער קיך, אין דער באלעבאטישקייט; שוין מאָנאטן, ווי ער האָט זי נישט גענומען אין א קינאָ אָדער אין טעאטער; שוין באלד יאָרן, ווי ער גיט איר נישט קיין געלט, זי זאָל זיך קויפן א פּאָר שיך, א היטעלע, אָדער אפילו א שאכטעלע פּודער... מילא, גרעסערע אומגליקן פּאסירן אויף דער וועלט — טרייסט ער זיך אליין.

חנה, ווי זי וואָלט דערפילט דעם מאנס מחשבות און פארענטפערונגען, איז נישט מסכים מיט אלע זיינע טראכטענישן. זי פארשטייט אנדערש א סך זאכן און זי זאָגט צום מאן:

— היינט איז דאָך מאָנטיק, וואָלט איך דיך עפּעס געבעטן:

— וואָס? — פרעגט הערשל אויף שטום־לשון.

— האָסט דאָך היינט גאָרנישט וואָס צו טאָן, — נעם־זשע די טאָרבע און גיי ארויס אויף דער פּעריע. קויף איין דאָס, וואָס מ'דארף איינקויפן. איך וועל דערווייל איבערוואשן אביסל וועש, אויספּרעסן א כאַלאטל פארן קינד, ווייל אויב נישט — וועט ער נישט האָבן מיט וואָס שפּעטער צו גיין אין שול אריין.

הערשל מאכט א מינע, ווי מען וואָלט פון אים פארלאנגט אן אוממעגלעכע זאך; אָבער אין זיך איז ער צופרידן, וואָס חנה וויל ער זאָל גיין איינקויפן, ווייל זייט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז אלץ טייערער געוואָרן, און אים ווייזט זיך אויס, אז זיין ווייב צאָלט איבערן פּרייז, מען נארט זי אָפּ. ער וועט מסתמא בעסער איינקויפן.

— נו, וועסט גיין? — קוקט זי אים מיט געבעט אין די אויגן אריין.

— כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת — מאכט ער זיך פאר א שלעכ־טן — אז דאָס איז פאָרט נישט קיין ארבעט פאר א מאן. ס'איז פונקט ווי איך וואָלט דיך געבעטן: חנהלע, שטעל אריין א שפינדל אין א זייגער... בין איך נישט גערעכט?

חנה ווערט אויפגעקאָכט פון איר מאנס ווערטער און אירע אויגן הויבן אָן שפריצן מיט פייער:

— אזוי פיל גוטע יאָרן זאָלן מיר האָבן, וויפל מענער עס גייען אין מארק איינקויפן, און אלע זיינען זיי, מסתמא, אזעלכע יחסנים ווי דו... עס וועט דיר גאָרנישט געשען!

חנה לויפט אריין אין קיכל, זוכט אויס די לעדערנע טאָרבע און גיט עס דעם מאן א וואָרף צו די פיס:

— גיי, און דערצייל נישט קיין מעשות!

ווי פון אונטער דער ערד ארויסגעקומען, וואקסט אויס מאירל, זייער איינציק אכט־יעריקער אינגל. ענלעך איז ער צום טאטן, נאָר די אויגן זיינען פון דער מוטער. אין אלע מלחמות, וואָס ס'קומען אמאָל פאָר צווישן טאטען מיט דער מאמען, האלט ער שטענדיק מיט דער מאמען, כאָטש פעטשלעך כאפט ער אָפטמאָל גיכער פון דער מוטער, ווי פונעם פאָטער; ער הויבט אויף די טאָרבע פון דער ערד, שלעפט דעם פאָטער ביי אן ארבל און זאָגט מיט א גנבהש שמייכעלע:

— די מאמע איז גערעכט! קאטשאָס טאטע, דער־אָ, וואָס האָט אן אייגענעם אויטאָ, גייט אלעמאָל איינקויפן אויף דער פעריע. יאָ, ס'איז אמת! קום, איך וועל דיר העלפן טראָגן די טאָרבע, ווילסט? — לאכט ער שעלמיש.

חנה דרייט אוועק דעם קאָפּ, אז מאירל זאָל נישט מערקן ווי זי לאכט פון זיינע חכמות. הערשל א באזיגטער פונעם ווייב און פון זיין זון, לאָזט זיך גיין צו דער גאס.

— וואָס זאָל איך קויפן? — האָט ער קוים זיך דערמאָנט צו פרעגן.

— ווייסט גאנץ גוט, וואָס און ווען — לאכט דאָס ווייב א צו־פרידענע.

הערשל מיט זיין אינגעלע, צוזאמען מיט דער טאָרבע, פּלאָנטערן זיך אריין אינעם געדרענג. ווייבער און מיידלעך שלעפּן שווערע קוישן און טאָרבעס; קליינע קינדער שלעפּן זיך נאָך ביי דער מוטערס קליי־דער, שטעלן זיך אָפּ ביי די געשטעלן, דינגען זיך מיט די הענדלערס וואָס זיינען אָנגעטאָן אין ווייסע כאלאטן מיט ווייסע מיצלעך אויף די קעפּ און קלינגען מיט שווערע קעשענעס קליינע מטבעות; בעטלערס פּלאָנטערן זיך צווישן די פיס מיט אויסגעשטרעקטע הענט און מיט ברכות אויף די ליפּן; צעניעריקע אינגלעך ביז צוואנציקיעריקע יונגען, פּארקויפן, אָן צו האָבן מוניציפּאלע דערלויבענישן, — לימענעס און קנאָבל, און א מחנה אינספּעקטאָרן, שלאנקע ציוויל געקליידעטע מע־נער, מיט מעשענע זשעטאָנען אין די לאצן, באגלייט פון פּאָליציי־לייט, יאָגן זיך נאָך די אָרימע סוחרים און סוחרמלעך און קענען זיך מיט זיין קיין עצה נישט געבן. א פּאָליציאנט גיט זיך מיט רוגזה א וואָרף אריין צווישן עולם און פאלט ארויף אויף א צעוואקסענעם יונג, אן אפּגע־ריסענעם, וואָס פארקויפט לימענעס און צאָלט נישט קיין מוניציפּאלן שטייער; דער יונג האָט זיך געשטרויכלט און געפאלן איבער א צע־קוועטשטער באנאנע; די לימענעס צעשיטן זיך, און דער פּאָליציאנט גיט א כאפּ דעם זאק מיט די איבעריקע ניט־צעשאָטענע לימענעס, — און טראָגט עס צו צום פּעריע־אינספּעקטאָר, מיט א העלדיש־גבורהדי־קער מינע אויפן פּנים.

אן עלטערע פרוי, אן אויסגעדארטע, שטרעקט אויס אירע הענט צום פּאָליציימאן, צו די אינספּעקטאָרן און צו דער גאנצער וועלט:

— אז איר לאָזט נישט פארדינען אן ערלעך קינד זיין אָרים שטיקל ברויט, וועט ער דאָך מוזן ווערן א גנב, א רויבער... וועט שוין זיין בעסער?

קיינער ענטפערט נישט דער אלטער פרוי, נאָר דער געפאלענער יונג ליגט צעזעצט אין מיטן וועג, רייבט זיך איין מיט די הענט אויף די צעקלאפּטע קניען און שעלט די וועלט, די מענטשן, אלעמען, און שפּייט אָן אויפהער.

— אָרימער מענטש... — זאָגט מאירל צום טאטן.

הערשל ענטפערט נישט. ער טראָגט די טאָרבע מיטן ביסל איינגע־קויפטע פּרוכטן און טראַכט, אַז אייביק וועלן זיין גוטע מענטשן אויף דער וועלט און שלעכטע: די שלעכטע וועלן פּייניקט און די גוטע וועלן געפּייניקט ווערן... שוין־זשע מוז דאָס אַזוי פאַרבלייבן?

— זע טאַטע, — גיט מאירל אַ געשריי מיט פריידי אין קול און בלייבט צוגעקלעפּט נעבן אַ גרויסער שטייג מיט ווייסע טויבן — ווי שיין די טויבן זיינען — קען ער נישט אָוועקרייסן זיין בליק.

— דריי טויבן פּאָר אַ פּעזע — רופט אויס דער סוחר, אַן על־טערער מאַן, אַ גרויער, שיר נישט אַזאַ ווייסער ווי זיינע טויבן — דריי פּאָר אַ פּעזע — ווייזט ער הערשלען מיט דער האַנט אויף דער שטייג. הערשל שמייכלט און בלייבט שטיין נעבן זיין זון, קוקנדיק מיט צאַרטער באַוואונדערונג אויף די טויבן. ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ניין, ער וועט לײַדער נישט קויפן.

— קויף מיר איין טויב — פּאַלט מאירל צו צו דער שטייג — זיי אַ גוטער — בעט ער זיך ביים פאָטער.

— און די מאַמע, וואָס וועט זי זאָגן? — זאָגט הערשל שטיל צו זיין זון, אַז דער טויבנהענדלער זאָל נישט הערן.

— זי וועט נישט זיין בייז — שפּרינגט מאירל פונעם אָרט אַן אומגעדולדיקער — קויף — האַלט ער צו דעם פאָטער ער זאָל נישט אָוועקגיין.

הערשל קען נישט ווידערשטיין זיין קינדס געבעט און ער פרעגט דער סוחר וויפל ער וויל פאַר איין טויב. דער סוחר וויל פערציק סענט. הערשל באַצאָלט און דער סוחר נעמט אַרויס אַ טויב פון דער שטייג און זאָגט צום אינגעלע:

— וואָלסט וועלן זי זאָל אָוועקפליען?

— נאָ סעניאָר — דערשרעקט זיך מאירל — איך וויל איר האַלטן אין מיין שטוב.

— דאַרף מען אונטערשערן די פליגעלעך — און ער נעמט אַרויס אַ שערל פון קעשענע, שניידט אָפּ עטלעכע גרויסע ווייסע פעדערן פון

יערן פליגעלע ביי דער טויב און דערלאנגט די טויב מאירלען אין די הענטלעך אריין.

מאירל דריקט צו די טויב צו זיך, ווי א טאטע זיינס א קראנק קינד; די טויב וואָרקעט, אירע שווארצע אויגעלעך, וואָס זיינען איינגע־פאסט אין צוויי רויטע רינגעלעך־וויעס, קוקן מיט שרעק אויפן קליין געוויקסיקן מענטשעלע: מאירל זאָגט צום טאטן מיט זיין גאנצן קינ־דישן ערנסט:

— ווערסט זען, ווי די טויב וועט מיך ליב האָבן, ווערסט זען!

דער טאטע ענטפערט מיט זאָרג:

— די מאמע וועט זיך בייזערן און וועט זיין גערעכט, וואו וועלן מיר האלטן די טויב?

מאירלס פנים ווערט פארצערט:

— כ'זע, אז די טויב געפעלט דיר נישט... אין קיך וועל איך איר האלטן, אָדער אויפן הויף. איך האָב א קעסטעלע.

אז דער טאטע מיטן זון קומען צוריק אהיים, פארברעכט די מאמע מיט די הענט:

— טויבן צו מיינע צרות... און דאָס האָב איך דיך געשיקט, דו זאָלסט מיר איינברענגען א פאָר סענט, הא?

הערשל לאָזט אראָפּ די טאָרבע אויף דער ערד און שעמט זיך צו קוקן זיין ווייב אין די אויגן אריין. מאירל לאָזט ארויס די טויב פון די הענטלעך. די טויב גיט א פאָכע מיט די אונטערגעשניטענע פליגעלעך, וויל ערגעץ־וואו אוועקפליען און קען נישט — פארררייסט זי דאָס קע־פעלע צום הימל און פארקוקט זיך מיט אן אויסגעשטרעקט העלדזעלע צו דער בלויער הויכקייט איבער אלעמענס קעפּ.

חנה לויפט אריין אין קיך און הויבט אָן קלאפּן מיטן פרעסל. מאירל רופט די מוטער:

— קוק, מאמע, ווי שיין דאָס טייבעלע איז. זע ווי זי שפאצירט ארום, זע ווי אזוי זי זוכט עפּעס צו עסן, זע! — האָט ער גערופן מיט פרייד און התפעלות:

די מאמע האָט נישט געענטפערט און שטאַרק געקלאַפּט א ברוגזה מיט פּרעסל.

מיט געציילטע טעג שפּעטער האָט זיך שוין די טויב געפּילט היי־מיש מיט איר קליינעם חבר, מיט מאירלען.

זי איז געשטאַנען ביים אינגל אויף דער האַנט־פּלאַך און גע־וואָרקעט: וואָר־וואָר־וואָר.

מאיר קוועלט. ער קושט די טויב אין קעפּל און די מאַמע שמייכלט.

זי האָט שוין שלום געמאַכט מיט דער טויב און האָט שוין אפילו א קוש געטאָן דער טויב אין קעפּעלע, אויף איר זונס פאַרלאַנג. זי פרעגט בלויז:

— ווער וועט אויסרייניקן דאָס, וואָס דיין טויב שמוצט אָן? גיב נאָר א קוק דאָרטן אין ווינקל, ווערסטו זען וואָס ס'טוט זיך. גיי גיב כאָטש א קוק.

מאירל ווייסט שוין וואָס די טויב טוט. ער האָט עס נאָך באַ־מערקט דעם ערשטן טאָג, נאָר ער האָט עס זיך געמאַכט נישט ווייסנדיק.

— גיב מיר דעם בעזעם, וועל איך אויסרייניקן — בעט ער זיך מיט מורא און דאגה פאַר זיין טויב.

— מוחל די טובה — זאָגט די מאַמע און גיט א זיפץ.

אין געציילטע וואָכן, איז די טויב היימיש געוואָרן מיט אַלע, אפילו מיט די שכנים. צום נאָענטסטן האָט זי זיך געהאַלטן מיט קליי־נעם אינגל. די פליגעלעך זיינען איר צוביסלעך אָנגעוואַקסן. זי האָט שוין צוריק געקענט א פלי־טאָן איבערן הייפל, אַרויפפליען אויפן טישל, אויף א בענקל. אַז מאירל האָט זי אַוועקגעשטעלט ביי זיך אויפן אַקסל, איז זי אָפּגעשטאַנען א לענגערע צייט און איז נישט אַוועקגעפלויגן. אָפּטמאָל האָט זיך די טויב אַרויסגעשאַרט דורכן אָפענעם טויערל און געמאַכט א שפּאַציר איבערן קאָרידאָר, פאַרבייגעגאַנגען דורך אַלע דע־פּאַרטאַמענטלעך. מאירל איז איר נאָכגעלאָפן מיט מורא און זי צוריק אַריינגעטריבן אין שטוב. דערנאָך האָט ער געזאָגט צו דער מוטער:

— די טויב איז קלוג ווי א מענטש. אַז איך האָב זי אַריינגעטריבן אין שטוב אַריין, איז זי פאַרבייגעלאָפן דעם פערטן דעפּאַרטאַמענט. די

טיר איז געשטאנען אָפן, האָב איך געמיינט, אַז די טויב וועט דאָרט אריינלויפן, אָבער זי האָט דערקענט אונדזער שטוב און איז אליין צו־ריקגעלאָפן... האָסט געהערט?

די מאמע ענטפערט מיט קאַלטקייט:

— א גליק האָט מיך געטראָפן...

מאירל באליידיקט זיך פון דער מאמעס קאלטקייט צו דער טויב. ער כאפט די טויב און שטעלט זי אוועק ביי זיך אויפן קאָפּ.

— קוק, — ווייזט ער דער מוטער, ווייל ער וואָלט וועלן אַז די טויב זאָל מיט עפּעס ליב ווערן דער מוטער פּונקט ווי אים.

— הלוואי טוט זי דיר עפּעס אָפּ אויף דיין נארישן קאָפּ, וואָלט איך מיך מחיה געווען — זאָגט די מאמע מיטן גאנצן הארצן.

כאָטש אזא זאך האָט אים ביז איצט ניט פּאסירט, דערשרעקט ער זיך און טרייבט האסטיק אראָפּ די טויב פונעם קאָפּ, אויס מורא אַז דאָס טייבעלע זאָל אים טאקע נישט טאָן דאָס, וואָס די מאמע זאָגט; די טויב דערשרעקט זיך, גיט א פּאָכע מיטן פליגל, פליט אראָפּ פון זיין קאָפּ און איידער וואָס־ווען, שטייט שוין די טויב אויפן ראנד פו־נעם דאך און קוקט אראָפּ אַן איבערגעשראָקענע אינעם הויפל אריין, אויסציענדיק מיט חידוש דאָס העלדזל.

— מאמע, — גיט מאירל א געשריי, ווי עס וואָלט מיט אים אַן אומגליק געטראָפן — די טויב איז ארויפגעפלויגן אויפן דאך, זי וועט אוועקפליען! — צאפּלט ער זיך מיט הארצקלאפּעניש און שרעק, נישט אראָפּלאָזנדיק די אויגן פון דער טויב — זי וועט אוועקפליען, מאמע...

די מוטער גיט זיך א צאפּל פון שרעק און איבערראשונג: זי ווייסט נישט וואָס פריער צו טאָן: צי קוקן אויפן איבערגעשראָקענעם קינד, צי אויף דער טויב, וואָס קוקט אראָפּ פון דאך; זי האָט נאָך קיינמאָל איר קינד אזא בלאסן נישט געזען, און אזא טרויעריקע פארצווייפלונג האָט נאָך קיינמאָל פון זיינע אויגן נישט ארויסגעקוקט, ווי אין אָט דער מינוט.

מאירל קוקט צו דער טויב און וויינט מיט הייסע טרערן. אך, ווען ער וואָלט געהאט פליגל ווי די טויב, וואָלט ער דעם גאנצן הימל אויס־געפלויגן און וואָלט זי געכאפּט...

און די טויב שפּאַצירט זיך אויפן דאך, הין און צוריק — שפּאַ־צירט מיט באַפרייטן שטאָלץ פון צוריקגעפונענע פליגל, וואָס זיינען ווידעראַמאָל בכוח זיך אויפצוהויבן איבער דער ערד, איבער די קעפּ פון אַלע באַשעפענישן וואָס קענען נישט פליען, און איז גלייכגילטיק צו די טרערן פון דעם קליינעם מענטשעלע, וואָס האָט זי אַזוי שטאַרק ליב. אַ ווײַלע מאַכט זי אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט זיך געגרייט צוריק אַראָפּצופליען אינעם הויפל אַריין, נאָר באַלד גיט זי זיך אַ הויב אויף אין דער לופטן, פּאַטשט מיט די פליגלען און באַלד ווערט זי אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

מאירל צעוויינט זיך מיט צער און ווייטיק. גראָבע טרערן רינען איבער זיין פּנימל און זיינע אויגלעך ווערן רויט, פאַרגאָסן ווי מיט בלוט, יאָמערט ער אויפן גאַנצן קול.

— וויין נישט, דו נאַרישער קאָפּ. זע, וואָס פּאַרא אויגן דו האָסט שוין. דער טאַטע וועט דיר קויפן אַן אַנדער טייבעלע, וויין נישט — קושט אים די אַממע אין די אויגן אַריין און טוליעט אים צו זיך.

מאירל רייסט זיך פון דער מוטערס הענט:

— ניין, ניין, ניין! קיין אַנדער טויב וויל איך נישט, די זעלבע טויב וויל איך!

חנה ווערט אומרואיק פון איר קינדס געוויין. זי ברעכט פאַר־צווייפלט מיט די הענט. אָט אַ צרה: ווען עס פּאַסירט עפּעס אַ צרה, איז דער מאַן קיינמאָל אין דער היים נישטאָ.

— וואָס שרייט ער אַזוי, דער גרויסער בחור? — פרעגט דאָניא עמיליא, די שכנה, און שטעקט אַריין דעם קאָפּ אין דער האַלב געעפנ־טער טיר — מען קען מיינען, אַז מען האָט אים אָפּגעשוונדן די פעל — רוקט זי זיך שוין אַריין אין גאַנצן אין דער טיר אַריין — מיט אייער דערהויבעניש, דאָניא כואַנאַ.

— קומט אַריין, קומט אַריין. זעט מיינע צרות. וואָס מיין מאַן שטעלט מיר צו: אַ טויב; ס'איז אים אוועקגעפלויגן די טויב...

דאָניא עמיליא, אַ צעוואַקסענע, אַ ברייטע, מיט ימים גוטסקייט אין די אויגן און אייביקע רחמנות אינעם קול — טרייסט זי איר שכנהס

איננגעלע און גלעט אים איבערן קאָפּ, קושט זי אים אין די הענטעלעך אריין:

— די טויב וועט צוריקקומען, איך שווער דיר — צלמט זי זיך איבער און גיט זיך אליין א קוש דעם פינגער, דעם גראָבן פינגער מיט וועלכן זי האָט זיך איבערגעצלמט — טויבן אנטלויפן נישט, זיי קומען צוריק.

מאיר לאָזט זיך נישט טרייסטן און קוקט מיט בענקשאפט צום דאך, צום אָרט אויף וועלכן די טויב האָט שפּאצירט און בליפּעט:

— ניין, ניין. די טויב וועט נישט צוריקקומען... זי וועט שוין נישט צוריקקומען..

פארנאכט, אז דער טאטע קומט אהיים פון דער ארבעט, גייט אים קיינער נישט אנטקעגן און מאירל באטאפּט אים נישט די קעשענעס, וועגן ער וויל וויסן, צי דער טאטע האָט אים עפּעס געבראכט; דער פאָטער בלייבט שטיין און קוקט מיט אומרואיק פרעגנדיקע אויגן אויפן ווייב און אויפן זון. מאירל קען זיך שוין נישט איינהאלטן און פּלאצט ארויס מיט א פריש געוויין:

— די טויב איז אוועקגעפלויגן... אוועקגעפלויגן...

דער טאטע זעצט זיך אוועק נעבן טיש א שטילער, א שווייגנדיקער, ווי א פרעמדער מענטש אין א פרעמדער שטוב; ער רופט זיך נישט אָפּ אפילו מיט קיין וואָרט און קוקט א פארטראכטער צום עלעקטרישן ליכט, צום לעמפּל, וואָס לויכט אויפן סופיט.

— ס'איז אוועקגעפלויפן די טויב, מאכט ער מיר דעם טויט! איך האָב שוין נישט קיין כוח פון אים — צעוויינט זיך חנה מיט אמתע טרערן.

הערשל שאָקלט א שולדיקער מיטן קאָפּ. ער קען נישט און וויל נישט אוועקנעמען זיין בליק פונעם עלעקטרישן לעמפּל, וואָס לויכט אין דער מינוט, טונקעלער ווי אן אנדערש מאָל; טיף אין זיין אייגן געמיט, מיט דער טויב און אָן דער טויב, איז נאָך פינצטערער און חושכדיקער; פּוילן, דאָס לאנד וואו ער און זיין פרוי זיינען געבוירן געוואָרן, שטייט נאָך אויפן זעלבן אָרט, אָבער די אידן וואָס האָבן דאָרטן גע-

וואוינט, זאָל מען שוין האָבן אויסגעמאָרדעט... פאַרפייניקט מיט דער שרעקלעכסטער פּיין: יעדער איד, מענער, פרויען און קינדער, זיינען מיליאָנען מאָל געפּייניקט געוואָרן און מיליאָנען מאָל געמאָרדעט גע־וואָרן! די פינצטערע וועלט קרעכצט מיט פאַלשן רחמנות, נאָר קיינער באַוויינט אפילו נישט די קרבנות, ווי זיין אינגעלע באַוויינט די אנטלאָ־פענע טויב. איז נאָך גוט, וואָס איצט וועט שוין מאירל, א געליטערטער אינעם בראַנד פון זיין ערשטן צער, מסוגל זיין צו פאַרשטיין זיין טאַ־טנס און מאַמעס ווייי, וואָס טליעט, בלוטיקט אין זייערע הערצער, און וואַרגט זיך מיט דער גלייכגילטיקייט פון א זאַטער, אָנגעפּרעסענער און פאַרטעמפּטער וועלט. איצט וועט דאָך מאירל ראוי זיין צו ווערן א שותּף צו א גרויסן אוצר, צו א גרויסער ירושה — צו א ריזיקן ים פון בלוט און טרערן...

הערשל הערט אויף צו טראַכטן. ער גיט זיך א כאַפּ, ווי ער וואָלט געדרימלט — טוט ער שטיל א וואונק צו זיין קינד, אז ס'זאָל זיך צו אים דערנענטערן. אז מאירל שאַרט זיך צו, נעמט אים דער פאָטער צו זיך אויף די קניען, ווישט אים אָפּ מיט זיין טיכל דאָס נעזל און די אויגן און צערעדט זיך מיט געמאַכטער גלייכגילטיקייט:

— ווילסט וויינען — וויין. די טויב וועט נישט צוריקקומען!...

הערשל דער טאַטע דרייט אוועק דעם קאָפּ. ער פאַרשעמט זיך פאַר זיינע אומטרייסטבאַרע ווערטער, פאַר זיין קינדס טרערן, און ער שעמט זיך מיט דער גאַנצער פינצטערער וועלט...

